רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע [illegible] 

ביאגראפיען פון רעוואלוציאנערען.

3

IV

# אנדרעי איוואנאוויטש
# זשעליאבאוו.

(איבערזעטצט פֿון רוססיש).

---

הערויסגעגעבען פֿון

אללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פוילען און רוססלאַנד.

---

לאנדאן

דרוקעריי פֿון אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד („בונד")

יולי 1902 יאָהר.

# אנדרעי איוואַנאָוויטש זשעליאַבאָוו.

אנדרעי איוואַנאָוויטש זשעליאַבאָוו קען מען, נאָך מיין מיינונג, רעכענען פאַר איינעם פון די גרעסטע רוססישע טיפּען פאַר די לעטצטע 25 יאָהר פון 19-טען יאָהרהונדערט. דער גרעסטער טהייל פון זיינע גרויסע פעהיגקייטען האָט ער ניט געהאַט וואו אָנצואווענדען אין אונזער שאַרען, ענגען לעבען, אָבער ביי בעסערע בעדינגונגען וואָלט ער געקענט שפּילען אַ גרויסע ראָללע אין דער געשיכטע. טראַכטענדיג וועגען זיין קורצען, אָבער קאָכעדיגען לעבען, דערמאָהן איך זיך ניט ווילּלענדיג די ווערטער, וועלכע דער פּאָעט האָט געזאָגט וועגען אַנדערע אַזעלכע רוססישע העלדען: „ווי זאָל מען צווייפלען אין די גבורים פון די אוראַלטע צייטען, ווען אויך איצט האַלטען אויס צוויי-דריי מענשען דעם גאַנצען לאַסט פון זייער דור”.

צו אַזעלכע מענשען האָט געהערט זשעליאַבאָוו.

ניט איך וואָלט אייגענטליך געדאַרפט כאַראַקטעריזירען די רייכע קאָמפּליצירטע (פערוויקעלטע) נאַטור, עס איז איהר ניט לייכט צו פערשטעהען און נאָך שווערער איז איהר צו שילדערן. דער פערשטאָרבענער גייסט פון דעם מערטירער זאָל מיר מוחל זיין פאַר מיינע ניט-ווילּלענדיגע פעהלערן, אָבער צום אונגליק האָב איך קיין האָפנונג ניט, אַז אין קורצען זאָל זיך געפינען אַ׳ן אַנדערער, וועלכער וועט זיין מעהר פעהיג איבערצוגעבען זיין בילד: דער לעבען פון אונזערע רעוואָלוציאָנערען איז אַזוי קורץ, און אַזוי ווייניג מענשען זיינען מיט איהם בעקאַנט. איך וועל זשע דערצעהלען פון איהם כאָטש דאָס, וואָס איך ווייס.

זשעליאַבאָוו קומט אַרויס פון בויערן, ער איז אַ געוועזענער לייבאייגענער. ער איז געבאָרען געוואָרען אין 1849 אָדער 1850 יאָהר. ביי מיר איז געבליבען אַ שטיקעל פון זיינעם אַ אייגענהענדיגען בריעף צו זיינעם אַ חבר, וואו עס זיינען בעשריבען זיינע קינדער-יאָהרען. איך ברייננ דיזען דאָקומענט וואָרט אין וואָרט:

„מיר זיינען פון די פּריץ׳ישע הויף-בעדינער, שרייבט זשעליאַבאָוו; ביידע זיידעס, פון דעם פאָטערס און מוטערס צד, האָט זייער הערר, דער פּריץ שטיין (וועלכער האָט געקראָגען אַ שטעללע אין דער אַדמיניסטראַציאָן), אַרויסגעפיהרט אין די ערסטע יאָהרען פון דעם יאָהר-

הונדערט פון קאַסטראָמער גוב. אין קרים. דורכפאָהרענדיג בערסאָנער
אָדער פּאָלטאַווער גובערניע, האָט דער פּריץ, וועלכער איז געפאָהרען
נאָך דעם אַלטען מנהג מיט דעם גאַנצען הויף און גאַנצע וועגענס
מיט זאַכען, זיך אָבגעשטעלט ביי זיינעם אַ קרב אַ פּריץ, כדי זיך אָבצורו-
הען און אַ הולע צו טהאָן. דאָ האָט דער יידע פון די מוטערס צד,
גאַווריללאָ טימאָפ. פּראָלאָוו, חתונה געהאַט מיט אַ פּרייע קאַזאַטשקע
אקולינאַ טימאָפעיעוונאַ. אין קרים האָט שטיין פערנאַנדערגעגעבען
די בויערן זיינע טעכטער אין נדן, אַנדערע האָט ער פערקויפט.
די פאַמיליען פון זשעליאַבאָוו׳ס און פּראָלאָוו׳ס צד זיינען אַריינ-
געפאַללען אין פערשיעדענע הענד. זשעליאַבאָוו׳ס פאַמיליע, אַלס
נדן פון שטיין׳ס טאָכטער, איז איבערגעגאַנגען צו נעלידאָוו, פון וועלכע
זי איז בעפרייט געוואָרען אין 1861-טען יאָהר. פּראָלאָוו׳ס פאַמיליע
האָט געקויפט אַ גרעק לאַמפסי, וועלכער האָט געשטאַמט פון קליין
אזיען און איז רייך געוואָרען פון האַנדלען מיט פערד, פאַר געלד האָט
ער זיך איינגעקויפט אין אַדעל-שטאַנד מיט דאָס רעכט צו האָבען לייב-
אייגענע. פון דעם לאַמפסי איז פּראָלאָוו׳ס פאַמיליע, אַלס אַ נדן פון
זיין טאָכטער, איבערגעגאַנגען צו לאָרענצאָוו. זיין פאָטער—ער האָט אויך
געשטאַמט פון גריכענלאַנד, — איז געוועזען אַ פּראָסטער מולער, ער
פלעגט מאַכען מצבות, ער איז מיט איין מאָל, מען וויים ניט אויף וואָס
פאַר אַ׳ן אופן, רייך געוואָרען, זיין זוהן האָט ער געגעבען בילדען,
האָט איהם אַוועקגעגעבען אין דינסט און האָט זיך איינגעקויפט אין
דעם אַדעל-שטאַנד. פון לאָרענצאָוו איז פּראָלאָוו׳ס פאַמיליע בעפרייט
געוואָרען אין 1861-טען יאָהר. אַללע מיטגליעדער פון זשעליאַבאָוו׳ס
און פּראָלאָוו׳ס פאַמיליען פלעגען ערפיללען פערשיעדענע הויפישע
אַרבייט; מיין פאָטער צ. ב. האָט מען אָבגעגעבען צו אַ גערטנער אַ
דייטשען, אַ פעטער (זשעליאַבאָוו) איז געוועזען אַ קוכער, אַ מומע
(זשעליאַבאָוואַ) אַ הויף-דאַמע, דער פעטער (פּראָלאָוו) אַ
לאַקיי, אַ מומע (פּראָלאָוואַ) אַ הויז מיידעל. נעלידאָוו׳ס מאַיאָנטיק
איז געוועזען סולטאַנאָווקאַ (די ערסטע פּאָסט סטאַציאָן פון פעאָדאָסיע,
פעאָדאָסיסקער אויעזד 23 וויאָרסט פון קערטש). דער מאַיאָנטיק פון
לאַמפסי הייסט אשבעל (פעאָדאָס. אויעזד). לאָרענצאָוו׳ס מאַיאָנטיק,
16 וויאָרסט פון פעאָדאָסיע, האָט זיך גערופען קאַשקאַ-טשעקראַק.
דער פּריץ נעלידאָוו, אַזוי ווי ער האָט געדיענט אין מיליטער, האָט
געוואָהנט אין סימפעראָפאָל. מיין פאָטער האָט צוליעב די געשעפטען
פון דעם מאַיאָנטיק געמוזט אָפט פאָהרען פון סולטאַנאָווקאָ אין סימ-
פעראָפאָל און ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדערן וועג, ווי דורך אשבעל
(די דריטע סטאַציאָן אויף דער זעלבער פעאָדאָסיסקער וועג). דאָ איז



איהם געפעלען געוואָרען מיין מוטער, פּראָלאָוו׳ס טאָכטער. נאָך פיעל
צופאַלען האָט מיין פאָטער, וועלכער האָט נאָך יענער צייט נאָך גע-
צאָהלט גרויסע „אָבראָק״ (אָבצאָהלונג) דעם פּריץ נעלידאָוו, פאַר וואָס
ער האָט געדיענט ביי דעם דייטשען גערטנער, זיך איינגעבעטען, אַז נע-
לידאָוו זאָל קויפען וואַרוואַראַ גאַווריללאָוונאַ, מיין מוטער. דער האַנ-
דעל איז צו שטאַנד געקומען. אָפט זאָגט נאָך איצטער מיין פאָטער צו
מיין מוטער, צוטרייבענדיג איהר ביי וואָסער עס איז אַ׳ן אַרבייט: „ריהר
זיך, דו קאָסט דאָך 500 רו״ב מיט אַ קופערנעם צענער״ (דער ריכ-
טיגער מקח).
נאָך דעם פאָטערס חתונה זיינען די פּראָלאָוו׳ס, וועלכע האָבען
געהערט לאַמפּס׳ס טאָכטער, אַריבערגעפאָהרען אין קאַשקי-טשעקראַק.
אַללע מיטגליעדער פון דער פאַמיליע האָבען געהאַט צו ערפיללען גע-
וויסע אַרבייט אין הויף, דער זיידע האָט זיך געהאַט אויסגעדיענט און
איז שוין ניט געוועזען מחויב צו אַרבייטען; ער האָט געוואָהנט מיט די
באָבען, אק. טימאָפ., אויף דעם הויף, וועלכער איז געשטאַנען אָן אַ
זייט, וואו עס פלעגען זיך אויפהאַלטען די עופות (דאָס איז געוועזען אין
רשות פון די ווייבער). דאָ האָב איך פערבראַכט מיין קינדהייט (פון 4
ביז 8 יאָהר).
מיין זיידע, אַ הויכער זקן מיט גרויע האָר, איז אַללע מאָל גע-
גאַנגען אין אַ לאַנגע זופּעצע פון געלע קאמעעל-טוך. ווי איצט געדענק
איך דעם אייביג פערטראַכטען בליק, דאָס געזיכט אויף וועלכע מען
האָט קיין מאָל קיין שמייכעל ניט געזעהען, דעם אָפענעם שטערן, די
גרויע לאָקען, וועלכע פלעגען אַראָבהיינגען אויף׳ן קראַגען, אַ שטענ-
דיגע ראָזע פאַרב אויף׳ן געזיכט (אין דעם אַלטער פון 60-70 יאָהר)
און אַ גרויסע גרויע באָרד. אויף ווי פיעל איך פערשטעה האָט ער,
ווי עס ווייזט אויס, געמוזט זיין אָנגעשטעקט מיט דעם ראַסקאָלניטשען
גייסט: שטענדיג פלעגט ער האָבען צו טהאָן מיט אַלטע ביכער אין
שווערע איינבונדען, ער האָט צוויי מאָל איבערגעלייענט די ביבעל, ווי
עס זאָגט נאָך איצט וועגען איהם דאָס הויז-געזינד, ווען מען ווילל איהם
אָבגעבען כבוד. דאָס איז — מיין לעהרער און ערציהער. ביי איהם
האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען אייף דער אַלט-סלאַווישער שפּראַך*).
פון איהם האָב איך איבערגענומען פיעלע אַנשויאונגען, וועלכע האָ-
בען מיר אַוועקגעשטעלט אין אָפּאָזיציאָן צו דער פאַמיליע פון מיינע
עלטערן, ווען איך האָב זיך צוריקגעקעהרט צו זיי. נאָר מיין מוטער
אַלליין פלעגט מיט פריידע אויסהערען מיינע „גאַרעשקייטען״ זאָגענדיג:

*) די שפּראַך פון די אַלטע רוססישע ביכער.

„דאָס איז ניט ז'שעליאַבאָוו'ס, נ אָ ר פּראָלאָוו'ס גייסט; ניט אומזיסט רופֿט דיך דער זיידע „פּראָליאַנאָק". דעם זיידענס בילד איז מיר ליעבער פֿון אַללעמענס און דעריבער האָב איך זיך אויף איהם אַזוי אָבגעשטעלט, פונקט מיט 25 יאָהר צוריק האָט מיר דער זיידע פֿייערליך אָבגע'צלמ'ט און אַוועקגעזעטצט ביי דעם בוך מיט די ווערטער: „עס איז שוין צייט צו לערנען, זאָג דאָס געבעט און לאָז גאָט דיר העלפֿען; אַז דו וועסט זיך לערנען — וועסט דו זיין אַ מענש". געלערענט האָט מיר דער זיידע נאָך דעם אַלטען שטייגער — דעם סלאַווישען אלף-בית, „אז" „בוקי" אפֿילו מיט די „טיטלען" (פֿערקירצונגען), אָבער אין לערנען פֿלעגט ער אַריינלעגען זיין גאַנצע נשמה און צו 7-8 יאָהר האָב איך געקענט אויסוועניג דעם תהילים. גרויס איז געווען די פֿריידע פֿון מיין זיידען, אַז אַוועקגעהענדיג מיט מיר שפּאַציערען אין די בערג אָדער אין וואַלד האַקען האָלץ, פֿלעגט ער זאָגען: „נו, פּראָליאַנאָק, זאָג אָט דעם און דעם קאַפּיטעל תהילים"! און פּראָליאַנאָק פֿלעגט פויקען אָהן פֿעהלערען. דאַן האָט מען אומעטום געוואַרט אויף די בעפֿרייאונג, מען האָט געצעהלט די טעג, מיט די גרעסטע אַנשטרענגונג. די פריצים, ווי מיין זיידע האָט געזאָגט, (ריכטיג אָדער ניט) האָבען געוואָלט אויסלאָזען זייער כעס צום לעטצטען מאָל; זיי האָבען איינגעפֿיהרט שפּיאָנעריי, פֿלעגען שמייסען פֿאַר יעדע קלענסטע שולד. איך געדענק ווי מיין באָבע, וועלכע פלעגט שטענדיג קלאָגען פֿאַר וואָס זי האָט זיך פֿערקויפֿט, פֿלעגט אויף די שפּיטץ פֿינגער זיך צו'גנב'ענען ביי נאַכט צום פֿענסטער, האָרכענדיג אויב דאָרט איז ניטאָ דער פריקאַזטשיק, דער שפּיאָן פּאָלטאָראַ-דימיטרי, וועלכען, מען האָט פֿאַר זיין הויכען וואוקס אָנגערופֿען „פֿאָלטאָראַ" (אָנדערטהאַלבען). שפּעטער, נאָך פֿאַר די בעפֿרייאונג, האָט מיין זיידע ז'שעליאַבאָוו, וועלכער האָט געלעבט אויף „אָבראָק" לעבען האַשקי-טשעקראַק און האָט זיך געפֿיהלט פֿאַר אַ האַלב פֿרייען מענשען, איהם פֿאַר זיינע גוטע מעשים צושפּאָלטען די קאָפּף, אַלס אַ בעוויז, אַז די פריצים האָבען בענוטצט זייער מאַכט ביז די לעטצטע טעג, קענען דיענען די ערינערונגען פֿון מיין קינדהייט: פֿון מיין זיידענס דירה האָב איך געהערט דאָס יאָמערען און געוויין פֿון מיין פֿעטער וואַסילי (אַ לאַקיי), ווען מען האָט איהם געשמיסען אין שטאַל... פֿון מיין קינדהייט האָב איך קיינעם ניט דערצעהלט, אפֿילו מיינע פֿריינד ניט, איך געדענק ווי מיין מומע ליובאַ (אַ נייטערין) איז שפּעט ביי נאַכט געקומען צולויפֿען צו אונז און שרעקליך וויינענדיג האָט זי זיך געוואָרפֿען צו מיין זיידען צו די פֿיס. איך האָב געזעהען די פֿערנאַנדערגעלאָזענע צעפּ, די צעריסענע קלייד, איך האָב געהערט איהרע ווערטער: „טאַטעלע, ליעבער טאַטעלע, ראַ-



טעווע מיר"! מיר האָט מען גלייך אַוועקגעפֿיהרט און פֿערמאַכט אין אַ זייטיגען צימער, הערענדיג די כליפּעס פֿון מיין געליעבטע מומען, האָב איך געוויינט און געקלאַפּט אין טהיר, שרייענדיג: „פֿאַר וואָס בעליידיגט מען מיין מומען". באַלד האָבען זיך געהערט מאַנסבילשע שטיממען. פּאָלטאָראַ-דימיטרי איז געקומען נעהמען ליובאַ צוריק אין צימער פֿאַר די הויז-מיידלעך. די שטיממען האָבען זיך דערווייטערט. וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען ווייס איך ניט. אָן מיר האָט מען פֿערגעסען. זעהר פֿערמאַטערט בין איך איינגעשלאָפֿען. אין דער פֿריה האָט די באָבע בעהאַלטענערהייט געווישט די טרערען; דער זיידע איז ניט געווען אין דער היים. די באָבע האָט געזאָגט, אַז ער איז געגאַנגען אין שטאָדט מיר קויפֿען גוטע זאַכען. אומזיסט זיינען מיר געזעסען, איך און די באָבע, אין דעם טאָג אויף'ן באַרג איבער'ן פּאָסט-וועג. געוועהנליך, דערזעהענדיג די הויכע פֿיגור פֿון מיין זיידען און די היטעל אויף'ן שטעקען, פֿלעג איך איהם לויפֿען ענטגעגען אַ פּאָר ווייאָרסט פֿון באַרג. דער זיידע פֿלעגט מיר נעהמען אויף די הענד און צוגעהענדיג צו די באָבען פֿלעגט ער מיר אַראָבלאָזען און פֿלעגט זיך זעטצען אָברוהען.

דעם מאָל איז ער ניט געווען צוויי מעת-לעת; געקומען איז ער עפּעס גאָר אַ מאָדנער. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט פֿון דאָס, וואָס די עלטערע האָבען גערעדט, אַז דער פּריץ האָט געוואַלטעוועט מיין מומען, אַז דער זיידע איז געגאַנגען אין שטאָדט זוכען דין און משפּט, אָבער ער איז געקומען מיט גאָר נישט, ווייל דער פּריץ איז אין דעם זעלבען פֿריה-מאָרגען געווען אין שטאָדט. איך בין געווען אַ קליינער קינד און איך האָב בעשלאָסען, אַז איך וועל אויסוואַקסען, צו הרג'ענען לאָרענצאָוו. דעם נדר האָב איך געדענקט און איך בין געווען אונטער דער ווירקונג פֿון דעם בעשלוס ביז 12 יאָהר. מיין בעשלוס איז אָבגעשוואַכט געוואָרען מיט די מוטערס ווערטער: „זיי זיינען אַללע הינד — פֿייניגער". מיין פֿאָטער איז געווען גרייט אויף קאָמפּראָמיסען (פּשרות), נאָר מיין מוטטער קיין מאָל ניט. נאָך איטצט ברענט נאָך ביי איהר דער זעלבער האַס צו זיי.

איך וועל מיטטהיילען נאָך עטליכע היילע פֿאַקטען. איינער, מיינער אַ פֿעטער (מיין פֿאָטערס אַ ברודער), איז ענטלאָפֿען הינטערן דונאַי צו די נעקראַסאָווצעס, אַזוי פֿיעל האָט מען איהם געמאַטערט און געקוועלט. וועגען דעם האָב איך מעהר ניט ווי געהערט, אָבער טויזענדער מאָל. נאָך אַ פֿעטער (פֿון פֿאָטערס צד) איז שוין געווען ענטלאָפֿען עטליכע יאָהר אויך צוליעב די זעלבע נחת, אַ בויער האָט איהם צוגעשריבען צו זיך ווי אַ אייגען קינד, פֿון איהם איז ער אַרומ-

געגאַנגען ווי אַ קאַראַבעלניק. צופֿעליג האָט מען ענטדעקט, אַז
ער האָט ניט קיין פּאַס און אין קייטען האָט מען איהם צוריקגעבראַכט
צום פריץ. אָט דער פּעטער פּאַוועל איז געוועזן אַ קוכער ביז די בע-
פֿרייאונג און האָט געלעבט מיט אונז עטליכע יאָהר. ער האָט אַליץ
אַלליין דערצעהלט. ניט איין מאָל האָט מיין פֿאָטער געציטערט, הערענדיג ווי
ער פֿלעגט דערצעהלען: „אין סיביר, איהם דעם לייראַק". די גאַנצע הויז-
געזינד פֿלעגט מאָדנע פֿערשוויגען ווערען און זיין אויסער זיך. דעם
אמת מוז מען מודה זיין, אַז בעלידאָוו איז זיך בעגאַנגען ווייך מיט
מענשען; אויף איהם האָט געווירקט זיין ווייב, צו וועלכע מיר האָבען
געהערט. 8 יאָהר אַלט בין איך אַריבערגעפֿאָהרען פֿון זיידען אין
סולטאַנאָווקע צו מיינע קרובים. דאָ האָט מיר איינמאָל, ווען ער איז
געקומען צופֿאָהרען, דערזעהען בעלידאָוו. דערוויסענדיג זיך, אַז איך
קען לייענען, האָט ער מיר געגעבען אַ ביכעל, וועלכער איז אָבער גע-
ווען אַ וועלטליכער, געשריבען מיט די רוססישע ניט מיט די סלאַווישע
בוכשטאַבען. נאָר ווען מען האָט מיר געגעבען פֿערשיעדענע רעלי-
גיעזע ביכלעך, האָט ער מיר אַ גלעט געטהאָן איבערן קאָפּ און געהיי-
סען קומען צו איהם אין קאַבינעט; דאָ האָט ער אַלליין מיר געוויזען
דעם וועלטליכען (רוססישען) אַלף-בית און האָט ענטדעקט פֿאַר מיר אַ
נייע וועלט, איבערלייענדיג מיר די „גאָלדענע פֿישעלע" פֿון פּושקין.
בעלידאָוו האָט דאַן געוואָהנט אין כערטש, אַהין האָט ער מיר גענו-
מען און מיר אַוועקגעגעבען אין „פריכאָדסקע" שול, פֿון וועלכע איך בין
דערנאָך איבערגעגאַנגען אין „אויעזדנע". אין 1861 יאָהר, אין דעם
יאָהר פֿון די בויערן בעפֿרייאונג בין איך איבערגעגאַנגען פֿון 1-טען
אין 2-טען קלאַסס „אויעזדנע" שול" *).

צו יענער צייט איז די קערטשענער „אויעזדנע" שול איבערגעמאַכט
געוואָרען אין אַ פּראָגימנאַזיום און דערנאָך אין אַ גימנאַזיום, פֿריהער
אין אַ רעאַלנע און דערנאָך אין אַ קלאַססישע, וואו מען לערנט די
אַלטע שפּראַכען. זשעליאַבאָוו איז אויף אַזאַ אופן פֿון אַ לייבאייגענעם
געוואָרען אַ פֿרייער מענש און האָט פֿאָרטגעזעטצט זיין לערנען. ער
איז געוועזן אַ שרעקליכער שטיפֿער, אָבער אַ אויסגעצייכנעטער חבר,

*) אויף דעם אָרט ענדיגען זיך די בעשרייבונגען, וועלכע זשע-
ליאַבאָוו גיט פֿון זיין לעבען. דער בריעף איז, דאַכט זיך, געשריבען
אין דעצעמבער 1880-טען יאָהר אָדער אין יעדען פֿאַל אַרום יענע צייט.
איך האָב דאָס איבערגעשריבען פֿון זשעליאַבאָוו'ס בריעף, וועל-
כער איז געווים געשריבען מיט זיין אייגענער האַנד. דעם בריעף האָב
איך נאָך ביז איצט.



און האָט זיך זעהר גוט געלערנט. אין יענע צייט איז זשעליאַבאָוו
געוועזן אַ הויכער אינגעל, דאַר ווי אַ שפּענדעל, גאָר ניט עהנליך צו
דעם שפּעטערדיגען מאַן מיט די ברייטע פּלייצעס און שטאַרקע מוס-
קעלן. אין אַללגעמיין האָט ער זיך ענטוויקעלט זעהר לאַנגזאַם. אין
דעם אַלטער פֿון 17-18 יאָהר איז ער נאָך געוועזן גאָר אַ אינגעל,
אפילו אַ קלוגער, אַ לעבעדיגער, אַ פֿרייליכער, זעהר אַ סימפּאַטישער
אָבער פֿאָרט אַ אינגעל. די חברים האָבען איהם זעהר האָלט געהאַט.
ער איז אַללע מאָל געוועזן גרייט „אונטערצוזאָגען" דעם חבר, מאַכען
פֿאַר אַ'ן אַנדערען אַ מאַטעמאַטישע רעכנונג, אָנשרייבען אויף אַ טהע-
מאַ, און בעזאָנדערס זיך אָננעהמען פֿאַר'ן צווייטען ביי די לעהרער. ניט
זעלטען פֿלעגט איהם אויסקומען פֿאַר אַזעלכע מין שטיק צו זיטצען אין
קאַרצער. איין מאָל האָט מען איהם אפילו געוואָלט אויסשליסען פֿון
גימנאַזיום. נאָר געלערנט האָט ער זיך אַללע מאָל גוט, איבערהויפּט,
האָט ער זיך שטאַרק אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין 6-7 קלאַסס און
ער האָט געדאַרפֿט ענדיגען מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, נאָר אויף די
לעטצטע עקזאַמענס, ער האָט זיי אויסגעהאַלטען אפילו גלענצענד, האָט
ער זיך פֿערזינדיגט מיט זיין אויפֿפיהרונג און האָט געקראָגען מעהר ניט
אַ זילבערנעם מעדאַל. אין דעם זעלבען יאָהר (1868-1869) איז
זשעליאַבאָוו אָנגעקומען אין אָדעססער אוניווערזיטעט אויף יוריסטישען
פֿאַקולטעט און שוין פֿון ערסטען קורס איז ער געוועזן אויסגעשלאָסען
פֿאַר די דעמאָנסטראַציאָן געגען דעם פּראָפֿעססאָר באָגישיטש. אַ גאַנ-
צען יאָהר האָט ער געמוזט אָבזיין אין דאָרף, און דערנאָך איז ער וויע-
דער אָנגעקומען אין דעם זעלבען אוניווערזיטעט, וואו ער איז שוין
געבליבען ביז'ן 3-טען קורס (יוריסטישער פֿאַקולטעט).

פֿון 3-טען קורס האָט מען איהם ווידער אויסגעשלאָסען, אָבער
איך ווייס ניט ריכטיג פֿאַר וואָס; דאַכט זיך צוליעב זיין אַרעסט אָדער
צוליעב אַ'ן אַנדער עהנליכע זאַך. אין אוניווערזיטעט האָט זשעליאַבאָוו
בכלל זעהר פֿיעל געאַרבייט; ער האָט געלעבט פֿון שטונדען, ער האָט
פֿערדיענט 150 רובל אַ חדש; עס געדענקט זיך מיר, אַז אין 1872-
73-טען יאָהר האָט שוין זשעליאַבאָוו גענומען אַ'ן אַנטהייל אין דעם
אָדעססער צירקעל (קרוזשאָק), וועלכער איז געוועזן אייננ פֿערבונדען מיט
די פּעטערסבורגער „טשאַיקאָווצעס". פֿון דער צייט ביז 1877 יאָהר
ווייס איך אפילו אונגעפֿעהר ניט וועלכע עס איז איינצעלהייטען פֿון
זשעליאַבאָוו'ס לעבען. ער האָט געלעבט דאָ אין אָדעסס, דאָ אין
דאָרף. אין דער זעלבער צייט האָט ער חתונה געהאַט און האָט געהאַט אַ
זוהן אויך אַנדריי.

דער אָדעססער צירקעל, פֿון וועלכען איך רעד דאָ, איז געוועזן פֿאַר

זיין צייט זעהר גוט אָרגאַניזירט, אַזוי, צום ביישפּיעל, ביי זיי איז שטרענג געווען צוטהיילט די אַרבייט און מען האָט געהאַט בדעה צו פיהרען אַ׳ן אַגיטאַציאָן ניט נאָר צווישען דעם אַרביטער קלאַסס און די סטודענטען, ווי דאָס איז, למשל, געווען ביי די „טשאַיקאָווצעס“, נאָר אין דער געזעלשאַפט און אין פאָלק בכלל. אַזאַ אַרט אָרדנונג האָט איינגעפיהרט, פערשטעהט זיך, ניט דער יונגער זשעליאַבאָוו, נאָר אַ׳ן אַנדערער, שוין אַ עלטערער מענש מיט ערפאַהרונג, אָבער יעדענפאַלס, איז זשעליאַבאָוו גלייך אַריינגעפאַללען אין אַ בעסערע פּאָליטישע שול, ווי די גרעסטע טהייל פון אונז. די פעטערסבורגער דעלעגאַטען, קומענדיג פון אָדעסס, האָבען זיך ניט געקענט אָבלויבען פון די דאָרטיגע אָרדנונגען, וועלכע זיי האָבען אין פיעלע היגזיכטען זיך געשטעלט אַלס אַ מוסטער. דער צירקעל האָט עקסיסטירט ניט לאַנג; ער איז פערשוואונדען געוואָרען אין די מאַססען-אַרעסטען און אין דער בעוועגונג פון 1874-טען יאָהר און איז צוזייט און צושפּרייט געוואָרען אין די ניט-אָרגאַניזירטע מאַססען פון די „קרייצטרעגער“, וועלכע האָבען זיך געלאָזען „געהען אין פאָלק“. אָבער חאָטש זשעליאַבאָוו האָט אויך סימפּאַטיזירט מיט דיזער בעוועגונג, חאָטש ער האָט אַללע מאָל אין פּרינציפּ געהאַלטען פאַר זעהר וויכטיג די טהעטיגקייט צווישען דער מאַססע, פונדעסטוועגען איז די סיסטעם פון זיין אַרבייט געווען גאָר אַ בעזונדערע, ניט קיין געוועהנליכע. דער פּאָליטישער אַגיטאַטאָר האָט זיך פריה אין איהם אַרויסגעוויזען. ער האָט, צום ביישפּיעל, גענומען אַ׳ן אַקטיווען אַנטהייל אין אָרגאַניזירען הילף פאַר די סלאַווען, רעכענדיג, ווי ער האָט דערנאָך דערצעהלט, אַז דער אַנטהייל אין דער בעפרייאונגסבעוועגונג פון די סלאַווישע פעלקער וועט העלפען די רוססישע געזעלשאַפט זיך צו ערציהען פּאָליטיש. בכלל דאַרף מען, זאָגען אַז דיזער מענש, וועלכער האָט געשטאַמט פון בויערן, האָט זיך קיין מאָל ניט אָבגעקעהרט פון דער „געזעלשאַפט“, ווי דאָס האָבען געטהאָן דער גרעסטער טהייל פון די, וועלכע זיינען „געגאַנגען אין פאָלק“. די רוססישע רעוואָלוציאָן האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, ניט נאָר ווי די בעפרייאונג פון די בויערן, אָדער אפילו פון דעם אַרבייטערקלאַסס, נאָר ווי די פּאָליטישע אויפלעבונג פון דעם גאַנצען רוססישען פאָלק. זיינע אַנזיכטען זיינען אין דעם פרט געוועזען אין גאַנצען פערשיעדען פון די אַנזיכטען פון דעם גרעסטען טהייל רעוואָלוציאָנערען פון זיין צייט.

ער איז מודה געוועזען אַז די בויערן-רעפאָרם איז געוועזען אַ גליק פאַרן פאָלק, אמת זי האָט גאָר נישט געגעבען די בויערן און אפשר נאָך צוגענומען אין עקאָנאָמישער בעציהונג, עקאָנאָמיש האָט זי זיי ניט בעפרייט, אָבער מאָראַליש האָט זי זיי געוויס העכער געמאַכט, זיי האָ-



בען זיך אָנגעהויבען צו פיהלען אַלס מענשען, און דאָס איז זעהר וויכטיג. פון דעסטוועגען האָט זשעליאַבאָוו שרעקליך געהאַסט דעם פּרינציפּ פון צאַריזמוס. די אונבעגרענצטע ניט קאָנטראָלירטע מאַכט איז איהם געווען עקעלהאַפט. אַ צאַר, אַלס פאַטריאַרך, אַלס פאָטער פון די בויערן האָט ער ניט פערשטאַנען און ער האָט ניט געגלויבט אַז עס קען עקזיסטירען אַזאַ. ער איז געווען טיעף איבערצייגט, אַז אַזאַ קייזער וועט געוויס זיין דער זעלבער דעספּאָט ווי דער פריץ. אַז די רעגירונג האָט פון גוטסקייט וועגען בעפרייט די בויערן האָט ער קיין מאָל ניט געגלויבט: „זיי האָבען געדאַרפט פערגרעסערען זייער הכנסה, עס האָט זיי בעסער געלאָהנט אַלליין צו עקספּלואַטירען די בויערן און אָבצושוואַכען דעם פערהעלטניסמעסיג שטאַרקען קלאַסס — דעם אַדעל“, — אָט דאָס, נאָך זיין מיינונג, זיינען די מאָטיווען פון דער בעפרייאונג, און אַ האָר דאַנקבאַרקייט קומט אויך ניט דער רעגירונג. ער פלעגט זאָגען, אַז ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגעל, דאָס איז געווען 5 יאָהר נאָך די בעפרייעונג פון די בויערן, האָט ער זיך געפרייט ווען קאַראַקאָזאָוו (1866) האָט געשאָססען אין אַלכסנדר דעם II, און צום קייזער האָט ער בכלל געפיהלט די זעלבע סימפּאַטיע, ווי צו די פּריצים.

זיינע פערבינדונגען מיט׳ן דאָרף האָבען זיך געהאַלטען ביז די צייט, ווען ער איז געוואָרען אין גאַנצען קאָמפּראָמעטירט, ד. ה. ביז 1879 יאָהר. איהם פלעגט אויסקומען אָפט און לאַנג וואָהנען ביי זיך אין דאָרף און זיך בעשעפטיגען מיט דידאָרפישע אַרבייט. איבערהויפּט לאַנג האָט ער געוואָהנט אין די צייט פון 1876 יאָהר (אַ יאָהר 2 כמדר). דאָ איז ער געווען, געוועהנליך, אין זיין אייגענעם קרייז צווישען קרובים, בעקאַנטע, ווי אַ׳ן אייגענער מענש. די לאַנדווירטשאַפט האָט ער זעהר געליעבט און איז געווען פעהיג זיך אַריינצוטהאָן אין איהר ביז׳ן איבערן קאָפּ. ער האָט שפּעטער אויך ניט געקענט גלייכגילטיג רעדען וועגען זיינע פערד, וועלכע ער האָט אַלליין אויסגעהאָדעוועט, וועגען זיינע פעלדער, וועגען דעם, ווי עס איז געגאַנגען זיין ווירטשאַפט. אין דער צייט איז זשעליאַבאָוו געוואָרען אַ קרעפטיגער געזונדער בויער, מיט וועלכען ניט פיעל האָבען זיך געקענט מעסטען אין כחות. אַ׳ן אַרבייטער איז ער געווען אַ׳ן אויסגעצייכענטער, אַ בעל-הבית, זאָגט מען, זעהר אַ גוטער. זיין ווייב מיט אַ קינד האָט געלעבט מיט איהם צוזאַמען. זי האָט אַ ביסעל געהאָלפען איהר מאַן מיט איהרע פערדינסטען, אַלס אַקושערין.

זייער פאַמיליען-בעציהונג צווישען זיך, אויף ווי פיעל מען קען שליסען פון זשעליאַבאָוו׳ס ערצעהלונגען, זיינען געווען גוטע. ער האָט בכלל זיך ניט געהאַלטען פאַר פעהיג צוצובינדען זיך צו אַ פרוי מיט

דער גאַנצער זעעלע. נאָר זיין ווייב האָט ער פֿונדעסטוועגן געליעבט און ער איז געווען זעהר שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי איז געווען צוגעבונדען צו איהם. אין דעם הינזיכט זיינען ביי איהם פֿאַרבליבען די אַנזיכטען פֿון דעם קרייז מענשען, פֿון וועלכען ער איז אַרויסגעקומען. אין זיין ווייב האָט ער געזעהען ניט קיין פֿאָעטישע געליעבטע, נאָר אַ מוטער פֿון דער פֿאַמיליע און אַ חבר אין דער ווירטשאַפֿט; אין פֿאַמיליענלעבען איז ביי איהם אויך אויף'ן ערסטען אָרט ניט געשטאַנען די ליעבע, פֿון וועלכע ער פֿלעגט אַביסעל אָבלאַכען, נאָר די פֿאַמיליענפֿליכטען, וועלכע ער פֿלעגט האַלטען ווי אַ'ן עכטער בויער זעהר הויך און הייליג. אפילו אין 1879 יאָהר, ווען ער האָט בעשלאָסען אין גאַנצען זיך איבערצוגעבען דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט, האָט ער דאָס ניט אָנגעהויבען, איידער ער האָט זיך אין גאַנצען ניט פֿערנאַנדערגעבונדען מיט אַללע פֿאַמיליען-אַנגעלעגענהייטען. די גאַנצע צייט ביז דאַן האָט ער אָבגעגעבען נאָר אַ טהייל פֿון זיין צייט און קרעפֿטען דער געזעלשאַפֿטליכער טהעטיגקייט. ער האָט געטהאָן אין דער געזעלשאַפֿט, צווישען די סטודענטען און פֿאָלק, נאָר ער איז נאָך דערביי געבליבען אַ בעל-הבית, אַ פֿאָטער פֿון אַ פֿאַמיליע און אַ זון. גי-ער פֿאַר אַלץ איז דאָס דערפֿאַר, ווייל ער איז נאָך ניט געווען פֿאָלשטענדיג אויסגעאַרבייט, טהיילווייז, אָבער, אפשר דערפֿאַר, ווייל עס האָט זיך נאָך ניט אָנגעקליבען ביי איהם אַזוי פֿיעל אונצופֿרידענהייט, כדי ער זאָל אַוועקמאַכען מיט'ן האַנד אויף אַלצדינג, אויף זיין פּערזענליכען לעבען און אין גאַנצען זיך איבערגעבען דער פּאָליטישער טהעטיגקייט. דער 1877 יאָהר האָט געשפּילט א גרויסע ראָללע אין די אויסאַרבייטונג פֿון זיין כאַראַקטער.

אין דעם יאָהר זוממער האָט מען איהם געבראַכט פֿון קרים אין פּעטערסבורג, ווי איינעם פֿון די אָנגעקלאָגטע אין דעם פּראָצעס פֿון די 193. ער איז געקומען אין „דאָס פּרעדוואַריטעלנאַוואָ זאַקליוטשעניאַ" אָקערשט נאָך דער געשיכטע מיט באָגאָליובאָוו'ן, אין עטליכע טעג אַרום, ווען די גאַנצע געפֿענגניס איז געווען אונטער דעם שרעקליכען איינדרוק פֿון דער שענדליכער געוואַלט, וועלכע טרעפּאָוו איז בעגאַנגען פֿאַר די אויגען פֿון 150 פּאָליטישע אַרעסטירטע *). דער צאָרן, דער כעס, וועלכער האָט ניט געקענט האָבען קיין אויסוועג, האָט געבראַכט די מענשען דערצו, אַז די גאַל האָט ביי זיי שיעור ניט געפּלאַצט. פֿיעלע האָבען פֿעסט בעשלאָסען צו הרג'ענען, צו דערשטיקען טרעפּאָוו'ן, אָדער איהם האָטש אָנקלאַפּען די ביינער, ווען עס וועט

*) טראָפּאָוו האָט געהייסען שמייסען באָגאָליובאָוו'ן.



זיך איינגעבן מיט איהם צו טרעפֿען אין קאַמער, אָדער וואו ניט איז *). שפּאַצירען געהען, צוליעב וואָס די גאַנצע געשיכטע איז פֿאָרגעקומען, האָט מען אין גאַנצען אויפֿגעהערט. די אַרעסטירטע האָבען געזאָגט, אַז זיי וועלען ניט געהען אַנדערס שפּאַצירען, ווי אַללע צוזאַממען און ניט אין די „שטייגען", וועלכע זיינען געווען אויסגעבויט אויף'ן הויף פֿון געפֿענגניס פֿאַר איינציגע שפּאַצירגעהער (די שטייגען זיינען געווען 10 שריט אין דער לייננג און פֿון 1 ביז 4 שריט אין דער ברייט); מיט די „נאַטשאַלסטוואָ" זיינען זיך אַללע בעגאַנגען גראָב און מיט עזות'קייט, ניט דורכלאָזענדיג אָן אַ שאַרפֿען ווידערשטאַנד אפילו אַ גערעכטע פֿאָדערונג; אַ רעכטער טהייל איז געווען אין אַזאַ מין צושטאַנד, אַז יעדע מינוט וואָלט ער געקענט פֿאַר אַ קלייניגקייט צוקלאַפּען די קאָפּף יעדערען, פֿון דעם אויפֿזעהער ביז צו דעם פֿערוואַלטער **).

די „נאַטשאַלסטוואָ" האָט דאָס פֿערשטאַנען און זי האָט געהאַט אויף אַזוי פֿיעל טאַקט זיי צו לאָזען אין רוה, כדי עס זאָל איבער ברעגען דער וועהטאָג פֿון דער שרעקליכער געשיכטע. דאָס געפֿענגניס האָט אויסגעזעהען חשך'דיג. עס האָבען זיך אויפֿגעהערט די ליעדער, דאָס פֿריילינכע פלוידערן דורך די פֿענסטער, נאָר צייטענווייז פֿלעגט מען הערען היציגע רייד וועגען דעם, אַז נאָך אַזאַ מעשה קען שוין ניט זיין קיין פשרה מיט אַ רעגירונג פֿון הענקער. אָט אין אַזאַ מין אַט-

*) טרעפּאָוו האָט זיך שוין מעהר ניט בעוויעזען ניט נאָר אין די קאַמערן, נאָר אין געפֿענגניס איבערהויפּט.

**) איך האַלט פֿאַר מיין חוב צו דערמאָנען, אַז די געשיכטע מיט באָגאָליובאָוו'ן איז פֿאָרגעקומען ניט פֿאַר דעם פּאָלקאָווניק פּיאָדאָראָוו, וועלכער איז געווען אין אורלויב, נאָר פֿאַר קורפּעיעוו'ן. פּיאָדאָראָוו וואָלט געוויס זיך גיכער אָבגעזאָגט פֿון דיענסט, איידער צו ערפֿיללען דעם בעפֿעהל פֿון טרעפּאָוו'ן. „אָה, די פֿערדאַמטע קנעכט! וואָס מען זאָל זיי ניט הייסען, אַלץ וועלען זיי טהאָן! איך ווייס, אַז דו וואָלסט מיר ניט דערלאָזען דערצו", פֿלעגט טרעפּאָוו אַלליין זאָגען פּיאָדאָראָוו'ן. פּיאָדאָראָוו פֿלעגט שרטענג היטען דעם געזעטץ, אַמאָל ווי אַ פֿאָרמאַליסט, אָבער ער איז געווען אַ ווייכער מענש און אין פּרינציפּ האָט ער געאַכטעט יעדע פּערזאָן. ער האָט אין אמת'ן ניט צוגעלאָזען קיין זאַך, וואָס זאָל בעליידיגען די אַרעסטאַנטען און עטליכע מאָל האָט ער זיך אָבגעזאָגט פֿון דיענסט, ווען טרעפּאָוו פֿלעגט זיך גראָב אַריינמישען אין די ענינים פֿון דעם „דאָס פּרעדוואַריטעלנאַוואָ זאַקליוטשעניאַ". מען מוז מודה זיין, אַז די 3-2 יאָהר פֿון זיין פֿערוואַלטונג, האָט זיך פּיאָדאָראָוו בכלל געהאַלטען ווי אַ'ן אָרענטליכער מענש.

מאָספֿערע איז אַריינגעפֿאַללען זשעליאַבאָוו גלייך פֿון זיין פֿאַמיליע, פֿון זיינע פֿעלדער, פֿון זיינע פֿערד, פֿון אַללע פֿרייען פֿון דעם האָרעפּאַסנעם האָרפֿישען לעבען.

אויף'ן צווייטען טאָג, ווי זשעליאַבאָוו איז אָנגעקומען, איז דער אויפֿזעהער געקומען פֿרעגען אויב ער וועט געהען שפּאַצירען. ניט וויסענדיג פֿון קיין זאַך, האָט זשעליאַבאָוו נאָר געזאָגט — „אַ מאָדנע פֿראַגע" — און איז אַוועק אין „שטייג". דערזעהענדיג איהם פֿון פֿענסטער, האָבען איהם די אַרעסטירטע געפֿרעגט: „ווער זייט איהר?" „זשעליאַבאָוו". „אַ פּאָליטישער?" „יע, אַ פּאָליטישער, איך האָב אַ פּראָצעס". — „פֿאַר וואָס געהט איהר שפּאַצירען? מיר געהען ניט". זשעליאַבאָוו איז געוועזען זעהר פֿערוואונדערט, אָבער פֿונדעסטוועגען האָט ער געהייסען מען זאָל איהם אַוועקפֿיהרען צוריק אין קאַמער, און ערסט דאָ צוגעהערענדיג צום פֿענסטער האָט ער זיך דערוואוסט די גאַנצע געשיכטע. וואָס פֿאַר אַ'ן איינדרוק דאָס האָט אויף איהם געמאַכט קענען פֿערשטעהען די, וועלכע האָבען געקענט די שטאָלצע היציגע נאַטור. אין געפֿענגניס צווישען די אַרעסטירטע איז זשעליאַבאָוו גלייך געוואָרען פֿ חבר, ער איז גלייך אַריין אין אַללע אינטערעסען פֿון דעם געפֿענגניס-לעבען, חאָטש ער האָט, פֿערשטעהט זיך, ניט געקענט שפּילען קיין גרויסע ראָללע. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען דער פּראָצעס, האָבען די אָנפֿיהרער אין געפֿענגניס, אַזעלכע ווי דער פֿערשטאָרבענער מוראַווסקי, אָנגעהויבען צו אַגיטירען, אַז מען זאָל זיך אָבזאָגען אָנצוערקענען די קאָמפּעטענץ (דאָס רעכט זיי צו משפּט'ען) פֿון די „בעזונדערע זיטצונג פֿון סענאַט".

אָבער די מיינונגען האָבען זיך צוטהיילט. פֿיעלע האָבען גערעכענט, אַז עס לאָהנט אַ סך בעסער צו רעדען אין געריכט, אָפֿען אַרויסצושטעללען פֿאַר דער וועלט זייערע איבערצייגונגען און די שרעקליכע אונטערדריקונגען און פֿערפֿאָלגונגען, וועלכע די רעגירונג האָט אָנגעווענדעט, כדי צו דערשטיקען די פּראָפּאַגאַנדיסטישע בעוועגונג. זשעליאַבאָוו, ענטגעגען וועלכען עס זיינען ניט געוועזען קיינע בעשולדיגונגען, איז פֿונדעסטוועגען געשטאַנען פֿאַר דעם „פּראָטעסט". ווי עס איז בעוואוסט האָט די „בעזונדערע זיטצונג" געמאַכט זעהר גיך אַ סוף מיט דער גאַנצער פֿראַגע. מען האָט ניט אַריינגעלאָזען אין זאַל פֿון דער זיטצונג קיין פּובליקום, מען האָט פֿאַלש אובערגעגעבען וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין די ערסטע געריכטסזיטצונגען, דאָס אַליין האָט, ערסטענס, אין גאַנצען אויפֿגערעגט די אָנגעקלאָגטע און, צווייטענס, האָט דאָס זיי איבערצייגט אין דעם, אַז די שעהנסטע רעדען און די ריכטיגסטע ענטדעקונגען וועלען ניט אַרויסגעהען פֿון די פֿינסטערע ווענד פֿון דעם



געריכטסזאַל אויף דער ווייסער וועלט. דאָס, וואָס מען האָט צוטהיילט די אָנגעקלאָגטע אויף גרופּעס, האָט געמאַכט אפילו זייער אייגענעם דין און משפּט פֿאַר אַ געלעכטער (זעה וועגען דעם די געדרוקטע „ערקלערונג" פֿון די אָנגעקלאָגטע, וועלכע איז רעדאַקטירט פֿון מוראַווסקי'ן), דאָס האָט אין גאַנצען דערוויזען, אַז די ריכטער זיינען ניט נאָר פּיעשקעס, וועלכע שעמען זיך אפילו ניט דאָס מודה צו זיין, נאָר זיי בילדען זיך אויך איין, אַז זיי וועלען קענען מאַכען אויך די אָנגעקלאָגטע פֿאַר אַזעלכע פּיעשקעס.

אַ „פּראָטעסט" האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ גרויסער, נאָך ניט אַ געהערטער.

צווישען די 120 פּראָטעסטירענדע האָט זיך אויך געפֿונען זשעליאַבאָוו. דער געריכט האָט איהם, פֿונדעסטוועגען, פֿריי געשפּראָכען, און אין יאַנואַר 1878-טען יאָהר האָט מען איהם אַרויסגעלאָזען, נאָך דעם ווי ער איז אָבגעזעסען במעט 7 מאָנאַט. די געפֿענגניס האָט שטאַרק רואינירט זיין געזונד און גלייך ווי מען האָט איהם אַרויסגעלאָזען איז ער אַוועק געפֿאָהרען אַהיים.

דער פּעריאָד פֿון זשעליאַבאָוו'ס לעבען פֿון פֿריהלינג 1878 ביז 1879 יאָהר איז מיר ווידער אין גאַנצען אונבעקאַנט. ער איז געוועזען אין דער צייט זעהר טהעטיג איבערהויפּט אין דעם פֿריהלינג פֿון 1879-טען יאָהר. אין דרום-רוססלאַנד איז ער געוואָרען אין דער צייט זעהר בעוואוסט און איז אַריינגעטראָטען אין געוויסע בעציהונגען מיט די אָרגאַניזאַציאָנען פֿון צפון.

* * *

אין דער צייט איז די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי געוועזען אין אַזאַ צושטאַנד. דאָס „געהען אין פֿאָלק" — אַ בעוועגונג מיט זעהר ניט קלאָרע ציעלען, — וועלכע האָט געטראָגען איבערהויפּט אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישען כאַראַקטער („בעשאַפֿען אין פֿאָלק אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע אַטמאָספֿערע"), האָט אָבגעטרעטען איהר אָרט דער אַגיטאַציאָנער בעוועגונג, וועלכע איז בכלל ענג פֿערבונדען מיט דער „נאַראָדניטשעסטוואָ", וועלכע האָט געפֿאָדערט, אַז די טהעטיגקייט צווישען די מאַססע זאָל זיין געגרינדעט אויף די שטרעבונגען און פֿערלאַנגען פֿון דעם פֿאָלק גופֿא. פֿערווירקליכען די פֿאָדערונגען פֿון דער מאַססע — דאָס איז געוועזען דער פּרינציפּ פֿון דער „נאַראָדניטשעסטוואָ". דער פּרינציפּ איז שוין ביי איינע פֿאַר זיך אַלליין געוועזען אַ ציעל, ביי אַנדערע נאָר אַ מיטטעל אַרויסצורופֿען אַ פֿאָלקס-רעוואָלוציאָן. מען קען ניט זאָגען, אַז

די „נאַראָדניטשעסטוואָ" האָט זיך אומעטום אָבגעשטעלט נאָר אויף דאָס פּראַקטישע פּראָגראַם. איך בין ניט ערב, אַז מיין מיינונג איז דורכאויס ריכטיג, נאָר איך רעכען, אַז די נאַראָדניקעס פֿון צפון האָבען געהאַלטען, אַז פֿערווירקליכען די פֿאָרדערונגען פֿון פֿאָלק איז שוין פֿאַר זיך אַליין אַ צ י ע ל, די נאַראָדניקעס פֿון דרום האָבען דאָס געהאַלטען נאָר פֿאַר אַ מיטטעל; אין יעדען פֿאַל האָט זיך ביי די נאַראָדניקעס פֿון צפון די פּראַקטישע טהעטיגקייט הויפּטזעכליך אויסגעדריקט אין אַ'ן אַגיטאַציאָן אויף דעם באָדען פֿון די קליינע בויערן-בעדירפֿניסע: דער קאַמפּף מיט די פּריצים, מיט דער אַדמיניסטראַציאָן, און דער קאַמפּף איז גרעסטענטהיילס געווען אַ לעגאַלער, חאָטש זיי האָבען אין דער טעאָריע ניט אָבגעלייקענט דעם אונלעגאַלען קאַמפּף, אַפּילו אויך ניט די „סאַמאָזוואַנשטשינאַ" *). די „סאַמאָזוואַנשטשינאַ" און די פּראָבעס צו אָרגאַניזירען „קאַמפּפס-חברות" האָבען אין דרום פֿערנומען דעם ערסטען אָרט אין דער טהעטיגקייט פֿון די נאַראָדניקעס. די „קאַמפּפס-חברות" האָבען געדאַרפֿט געבען דעם פֿאָלק דעם ערסטען אַנשטאָס צום קאַמפּף מיט די פּריצים און דער אַדמיניסטראַציאָן. איך וועל דאַכט זיך ניט האָבען קיין טעות, ווען איך וועל זאָגען, אַז דעם אויפֿשטאַנד, וועלכער האָט געדאַרפֿט אַרונטערוואַרפֿען די רעגירונג, האָבען זיך די נאַראָדניקעס פֿון דרום פֿאָרגעשטעלט אַ סך נעהענטער און דייטליכער, ווי די נאַראָדניקעס פֿון צפון, פֿאַר וועלכע אַזאַ אויפֿשטאַנד איז געווען גאָטט ווייס ווי וויט.

אין 1878-1877 יאָהרען האָבען די אונצעהליגע נאַרעש-ווילדע פֿערפֿאָלגונגען פֿון דער רעגירונג אויפֿגעוועקט ביי די סאָציאַליסטען דעם געדאַנקען וועגען ווידערשטאַנד. טהיילווייז איז דאָס געווען אַ נאַטירליכער געפֿיהל פֿון ראַכע, אַמאָל איז דאָס געווען אַ מיטטעל זיך אַליין צו בעשיטצען, ווי צ. ב. הרג'נען די שפּיאָנען. דער שאָס פֿון וועראַ זאַסוליטש האָט אַזוי ווי דורכגעבראָכען דעם אייז. די הריגות פֿון שפּיאָנען, זשאַנדאַרמען, פֿון עטליכע הויכגעשטעלטע מענשען פֿון דער אַדמיניסטראַציאָן און דער בעוואָפֿנעטער ווידערשטאַנד האָבען זיך אָנגעהויבען איינע נאָך די אַנדערע. אין דעם הינזיכט געהערט די איניציאַטיווע ווידער צו די נאַראָדניקעס פֿון דרום. דער „טערראָר" איז גיכער אַ קינד פֿון דרום איידער פֿון צפון.

אין 1878-טען יאָהר איז אין דרום שוין געווען אַ'ן עלעמענט, וועלכער האָט געקוקט אויפֿ'ן טערראָר ניט ווי אויף אַ מיטטעל פֿון ראַכע, נאָר ווי אויף אַ קאַמפּפס-מיטטל. דאָס איז געווען אַ מיינונג ניט פֿון פֿיעלע,

*) די אַגיטאַציאָן אין נאָמען פֿון קייזער.



אָבער די מיינונג האָט דאָך עקסיסטירט. איך רעכען, אַז וואַל. אָסינסקי *) איז געווען די הויפּטקוועלע פֿון דער טעאָריע. אַזעלכע היטציגע קעפּ, וועלכע וואָלטען זיך פֿאַר קיין זאַך ניט אָבגעשטעלט, ווי די ברידער איוויטשעוו **) האָבען ניט פֿערשטאַנען פֿאַר וואָס מען קען ניט טערראָריזירען די רעגירונג און איהר צווינגען צו געבען די סאָציאַליסטען פֿרייהייט צו פֿיהרען זייער אַרבייט. „איהר זייט, אַלזאָ, קאָנסטיטוציאָנאַליסטען", פֿלעגט מען זיי בעמערקען, „איהר זאָגט, אַז עס איז נויטיג פּאָליטישע פֿרייהייט?"

וואַל. אָסינסקי וואָלט, געוויס, זיך ניט אָבגעלייקענט פֿון דער מיינונג, אָבער די „טערראָריסטען" האָבען זיך דערפֿון יע געלייקענט. „מיר דאַרפֿען ניט קיין קאָנסטיטוציאָן, מיר דאַרפֿען ניט זייערע געזעטצען — זאָל מען גלאַט, קוקען צווישען די פֿינגער, זאָלען מיר פֿאַקטיש האָבען פֿרייהייט". דאָ איז ניט קיין אָרט צו בעטראַכטען, אויב די מיינונגען זיינען ריכטיג אָדער ניט, נאָר יעדענפֿאַלס, איז אין דרום און טאַקי ביי די „טערראָריסטען" ביי די ערסטע איינגעפֿאַללען דער געדאַנקען, אַז צו דער סאָציאַליסטישער טהעטיגקייט מוז מען האָבען פֿרייהייט, חאָטש זאָל זי זיין דורך דעם, וואָס די „נאַטשאַלסטוואָ" וועט זיך „מאַכען ניט זעהענדיג".

וואָס אָנבעלאַנגט דער אָרגאַניזאַציאָן איז דער צפֿון פֿון לאַנג אָן געשטאַנען העכער, ווי דער דרום. אָבגעבענדיג זיך מיט אַזעלכע ציעלען ווי „סאַמאָזוואַנשטשינאַ", ווי טערראָריזירען די רעגירונג און ז. וו. און פּרובירענדיג דאָס אַלץ אויספֿירען, האָבען די רעוואָלוציאָנערען אין דרום פֿון דעסטוועגען קיין מאָל ניט געקענט אָרגאַניזירען די קרעפֿטען, וועלכע זיינען נויטיג דערצו. די פּערזענליכע פֿרייהייט איז דאָרט געווען דער הייליגסטער פּרינציפּ, און ער האָט ניט דערלאָזען צו אָרגאַניזירען אַ גרעסערע זאַך, ווי אַ חברה, וועלכע איז געוויס געווען פֿעהיג אויף אַ משונה'דיג דרייסטע אונטערנעהמונג, אָבער דורכאויס ניט אַרונטערצוּוואַרפֿען די רעגירונג. דער צפֿון איז אין דעם פּרט פֿון דער אָרגאַניזאַציאָן געווען אַ סך בעסער אַוועקגעשטעלט, און דעריבער האָבען זיי געהאַט גרעסערע קרעפֿטען, און זיי צו צוקלאַפּען איז געווען אַ סך שווערער.

אין פֿריהלינג פֿון 1879 יאָהר איז, אָהן אַ צווייפֿעל, די גרעסטע אָרגאַניזאַציאָן אין רוססלאַנד געווען די פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ" (ערד און פֿרייהייט), וועלכע האָט געהאַט איינעגע שוואַכע צווייגלעך

*) געהאַנגען אין קיעוו אין 1879-טען יאָהר.

**) גע'הרג'ט אין קיעוו אין 1879 יאָהר, ביי דעם בעוואָפֿנעטען ווידערשטאַנד.

אין דרום, אָבער בעשאַפֿען האָט איהר דער צפון. זי האָט געהאַט אַ'ן אייגענע דרוקעריי, אַ צייטונג און צעהנדליגע טויזענדער רובל. אין 4-3 גובערניעס האָט זי געגרינדעט גאַנץ סאָלידע „בעזעטצונגען" *), זי האָט געהאַט אַ גרויסע צאָהל ענערגישע און געניטע מיטגליעדער און אַ חוץ דעם איז דיזע אָרגאַניזאַציאָן געווען זעהר בעוואוסט — און דאָס איז אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אפשר די הויפטזאַך. נאָר אין דער אָרגאַניזאַציאָן גופא איז געווען אַ צושפּאַלטונג.

די אומשטענדען זיינען געווען אַזעלכע. די רעגירונג, אויפֿגערייצט פֿון די טעררארִיסטישע פֿאַקטען, האָט ניט נאָר ניט פֿערשוואַכט די פֿערפֿאָלגונגען געגען די סאָציאַליסטען, נאָר זי האָט זיך נאָך שטאַרקער גענומען זיי אויסצוואוואָרצלען. זי האָט פֿערשטאַרקט די פּאָליציי, האָט פֿערגרעסערט די צאָהל שפּיאָנען; דער גענעראַל דרענטעלן האָט געקלעהרט וועגען אַ נייע סיסטעם „אויסצורייניגען" די הויפּטשטאָדט. דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופֿען די נויטווענדיגקייט פֿון אייניגע טעררארִיסטישע פֿאַקטען. אַזוי צ. ב. האָט מען גע'הרג'ט דעם שפּיאָן ריינשטיין, וועלכער האָט געקענט אומבריינגען אַ סך מענשען. די זעלבע מאָטיווען האָבען אַרויסגערופֿען דעם פֿערזוך אויף דרענטעלן'ס לעבען. נאָר, עס פֿערשטעהט זיך, די אַללע פֿאַקטען האָבען נאָך מעהר אויפֿגערייצט די רעגירונג, מען האָט געזעהען בעשיינפּערליך, אַז פֿון דעם קאַמפּף איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי—אָדער די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי וועט פֿערניכטעט ווערען, אָדער מען מוז מאַכען אַ פּאָליטישע איבערקעהרעניס. מען האָט אָבער ווידער דייטליך געזעהען, אַז די פּאָליטישע איבערקעהרעניס קען מען ניט מאַכען מיט אַזעלכע קליינע מיטטלען, ווי צ. ב. דאָס הרג'ענען מעזענצאָוו'ען, וועלכע ווערען נאָך דערצו אָנגעווענדעט ניט סיסטעמאַטיש, נאָר ווי עס קומט אויס. די מענשען, וועלכע זיינען געווען בעקאַנט מיט דעם דאַמאָלדיגען צושטאַנד פֿון רוססלאַנד, האָבען גאָר ניט געצווייפֿעלט, אַז אַ וועלכע עס איז טהעטיגקייט אין מעהר אָדער וועניגער גרויסען מאַסשטאַב פֿאַר די נוטצען פֿון פֿאָלק איז אונמעגליך ביי דער איצטיגער רעגירונגסאָרדנונג. אומבייטען, איבערמאַכען דעם כאַראַקטער פֿון דער מלוכה, ד. ה. מאַכען אַ פּאָליטישע איבערקעהרעניס — איז זעהר אַ שווערע אויפֿגאַבע, וועלכע פֿאָדערט אַללע קרעפֿטען פֿון דער פּאַרטיי, אַ'ן ערנסטע טהעטיגקייט און אַ שטאַרקע דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציאָן. אין דער צייט ווען דער שטאָדטיגער טהייל פֿון די „זעמלעוואָלצעס" איז

*) די אינטעליגענטען פֿלעגען זיך גרופּפּענווייז בעזעטצען אין די דערפֿער, כדי צו פּראָפּאַגאַנדירען צווישען די בויערן.



געקומען צו דיזער מיינונג, איז, פֿערקעהרט, דער „דאָרפֿישער" טהייל, ד. ה. די אַללע, וועלכע האָבען שוין איין יאָהר, צוויי יאָהר צייט געוואָהנט אין דאָרף, זעהענדיג די פֿערפֿאָלגונגען פֿון דער רעגירונג, געקומען צו דער מיינונג, אַז דער טעררָאר איז שעדליך און מען מוז איהם אַוועקוואַרפֿען, און נאָך מעהר, אַז ער פֿיהרט אַרויף די פּאַרטיי אויף דעם וועג פֿון דער פּאָליטישער טהעטיגקייט און ציהט אָב איהרע קרעפֿטען פֿון די אַרבייט צווישען דעם פֿאָלק.

אין 1879 יאָהר האָט אַ געוויסער טהייל פֿון די „ז ע מ ל ע ו ו אָ ל צ ע ס" אָנגעהויבען אַביסעל איבערצובייטען דעם פֿריהערדיגען כאַראַקטער פֿון איהר טהעטיגקייט, זייענדיג איבערצייגט, אַז ביי אונזערע בעדינגונגען אַוועקמאַכען מיט'ן האַנד דעם פּאָליטישען עלעמענט און נאָכצוגעבען דער רעגירונג אין קאַמפּף, וועלכער האָט זיך אַזוי אָדער אַזוי שוין אָנגעהויבען, וואָלט געהייסען פֿאַר דער פּאַרטיי מיט די אייגענע הענד זיך מאַכען אַ טויט. די מענשען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פֿאַר דיזע מיינונג, זיינען גיך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז נויטיג אומצובייטען דאָס גאַנצע פּראָגראַם און אויף אַזוי פֿיעל ענטוויקלען די קרעפֿטען, אַז מען זאָל קענען שאַרף אַרויסטרעטען געגען דער רעגירונג, און, אויב די רעגירונג וועט זיך ניט אָבזאָגען פֿון איהר סיסטעם, האָבען זיי בעשלאָסען צו מאַכען פֿאַר אַ דירעקטען ציעל פֿון דער פּאַרטיי די פּאָליטישע איבערקעהרעניס. דאָס איז אָבער געווען אין יענער צייט אַ נייע, זעהר ניט קיין פּאָפּולערע איינפֿיהרונג, מען האָט דאָס גערופֿען „קאָנסטיטוציאָנאַליזם" א. ז. וו. די נאָוואַטאָרען, די ערסטע טרעגער פֿון דער נייער אידעע, האָבען דעריבער געמוזט זיין זעהר פֿאָרזיכטיג. זיי האָבען ניט פערלאָרען די האָפֿנונג, אַז די גאַנצע פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ" וועט פֿערשטעהען די פֿאָדערונגען פֿון דער צייט. נאָר די האָפֿנונגען האָבען נוט געקענט זיין גרויס און דעריבער האָבען זיי שטאַרק געזוכט אַ שטיטצע אומעטום, וואו מען האָט נאָר געקענט. זשעליאַבאָוו איז געווען איינער פֿון די מענשען, וועלכער האָט צוגעצויגען זייער אויפֿמערקזאַמקייט אויף זיך. ער האָט טאַקי געהאַט די זעלבע אַנזיכטען ווי זיי און פֿון פֿריהלינג 1879 יאָהר האָט ער זיך אין גאַנצען פֿערבונדען מיט די „טעררָאריסטען" פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ, ווי מען האָט זיי יעמאָלט זעהר ניט ריכטיג גערופֿען.

אין הערבסט 1879 יאָהר האָט געדאַרפֿט נאָך די סטאַטוטען פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ" זיין אַ'ן אַללגעמיינער צוזאַמענפֿאָהר פֿון די „ז ע מ ל ע ו ו אָ ל צ ע ס", כדי גרינדליך צו בעטראַכטען אַללע ענינים און אויסצואַרבייטען די פּראַקטישע אויפֿגאַבען פֿון דער אָרגאַניזאַציאָן ביז דעם צווייטען צוזאַמענפֿאָהר. פֿאַר דעם צוזאַמענפֿאָהר האָט מען

אויסגעקליבען די שטאָדט וואָראָנעזש, אַלס אַ'ן אָרט, וואו עס איז געווען וועלוועלער פֿאַר דעם גרעסטען טהייל מיטגליעדער זיך צוזאַמענצוקומען. די נאָוואַטאָרען האָבען זעהר געוואָללט זיך בענוטצען מיט דעם צוזאַמענפֿאָהר, כדי פֿאָלקאָם צו פֿערפֿעסטיגען די רעפֿאָרמע, וועלכע זיי האָבען איינגעפֿיהרט. די פֿייערדיגסטע אַנהענגער פֿון דער אַלטער פראָגראַם האָבען פערקעהרט געהאָפֿט, אַז אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר וועט זיי זיך איינגעבען אויסצואוואָרצלען פֿון דער פאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ" אפילו די שפּראָצונגען פֿון דער נייער טעאָריע, וועלכע זיינען שוין דאָרט אַריינגעדרונגען.

אָט צוליעב דיזע אומשטענדען האָבען די נאָוואַטאָרען בעשלאָסען עטליכע טעג פֿאַר דעם וואָראָנעזש'ער צוזאַמענפֿאָהר מאַכען אַ אייגענעם צוזאַמענפֿאָהר, ניט ווייט, אין ליפעצק, כדי אָבצושאַטצען די קרעפֿטען און קומען אין וואָראָנעזש מיט אַ קלאָרע בעשטימטע פראָגראַם און מיט אַ פֿאָלקאָמענע פֿאָרשטעללונג וועגען דעם, וואָס די אומשטענדען ערלויבען צו פֿאָרדערן.

דער וואָראָנעזשער צוזאַמענפֿאָהר איז בעשטאַנען אויסשליסליך פֿון די „זעמלעוואָלצעס". דעם ליפעצקער צוזאַמענפֿאָהר האָבען הויפּטזעכליך אָרגאַניזירט די „זעמלעוואָלצעס", די נאָוואַטאָרען, נאָכדעם, ווי זיי האָבען וועגען דעם זיך צוזאַמענגערעדט מיט עטליכע זייטיגע מענשען, אין דעם צאָהל איז אויך געווען זשעליאַבאָוו. געלאַדען זיינען געווען אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר מענשען פֿון פֿערשיעדענע ערטער און צירקלען, וועלכע זיינען געווען צווישען זיך פֿערבונדען נאָר מיט דעם בעוואוסטזיין, אַז עס איז נויטיג אומצובייטען דאָס פראָגראַם, ד. ה. פֿערשטאַרקען אין איהר דעם פּאָליטישען עלעמענט, מעהר צענטראַליזירען די אָרגאַניזאַציאָן און פערשאַרפֿען דעם אַקטיווען קאַמפף.

זשעליאַבאָוו איז ניט געווען קיין „זעמלעוואָלעץ", אַזוי, ווי אויך דער גרעסטער טהייל איינגעלאַדענע אין ליפעצק. געוועהנליך, האָבען די וואָראָנעזשער ניט געוואוסט פֿון דעם ליפעצקער צוזאַמענפֿאָהר, וועלכער איז בכלל געווען אָרגאַניזירט בסוד סודות, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז די נייע ריכטונג זאָל ניט טרעפֿען קיין ווידערשטאַנד, איידער זי וועט פֿערשטאַרקט ווערען. אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר האָט מען געלאַדען נאָר אַזעלכע אָנגעזעהענע מענשען, וועלכע זיינען שוין פֿריהער געווען איינשטימיג מיט דער רעפֿאָרמע.

איך האַלט פֿאַר נויטיג דאָ צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען גאָלדענבערג'ס אַנטהיילנעהמען אין דעם צוזאַמענפֿאָהר. ווייל דאָס קאָמפּראָמעטירט זעהר דעם צוזאַמענפֿאָהר בכלל און זשעליאַבאָוו'ן בפרט, וועלכער איז געווען איינער פֿון די אָרגאַניזאַטאָרען פֿון דעם צוזאַמענפֿאָהר.



דער צוזאַמענפֿאָהר האָט געדאַרפֿט האָבען אָנגעזעהענע מענשען. גאָלדענבערג, ווי וואונדערליך דאָס זאָל ניט זיין, איז געווען זעהר בעוואוסט. עס פֿערשטעהט זיך, אַז קיינער האָט איהם ניט געהאַלטען פֿאַר אַ קלוגען, נאָר אַללע — און גאַנץ מיט רעכט — האָבען געקוקט אויף איהם, ווי אויף אַ גאַנץ אָרענטליכען מענשען, זעהר אַ איבערגעגעבענעם צו זיין זאַך און דערצו נאָך זעהר אַ טהעטיגען. בעקאַנטשאַפֿט און פֿערבינדונגען האָט גאָלדענבערג געהאַט זעהר גרויסע, ווי ער האָט עס דערנאָך בעוויזען אַרויסגעבענדיג 200 מענשען. אין אַ סך געגענדען איז ער געווען זעהר פּאָפולער און אַ סך זעהר קלוגע און וואוילע מענשען זיינען געווען זיינע פערזענליכע פֿריינד. גאָלדענבערג'ס פֿעהלער איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געווען זעהר אַ בעשרענקטער (ניט איבערגעשפיצט) און ניט קיין געשטעלטער מענש! ער פֿלעגט שטענדיג זיך אַרומטראָגען מיט פֿערשיעדענע נייע פלענער. אויסער דעם האָט ער זיך שטענדיג געיאָגט נאָך כבוד. בעטראַכטענדיג איצט די זאַך, נאָך דעם ווי דאָס איז שוין געשעהען, געפֿין איך דאָך ניט, אַז די איינלאַדונג פֿון אַזאַ מענשען און ביי די בעדינגונגען, אין וועלכע די נאָוואַטאָרען האָבען זיך געפֿונען, איז געווען אַ גרויסער פֿעהלער. אָהן אַ צווייפֿעל, וואָלט געווען אַ סך בעסער איהם ניט איינצולאַדען, אָבער ווי פֿאָרזיכטיג מען וואָלט ניט געווען, וואָלט מען ניט געקענט פֿאָראויסזעהען וואָס עס איז פֿאַר אַ געפֿאַהר אין די איינלאַדונג. פֿונדעסטוועגען האָט דער גרעסטער טהייל אַגוועזענדע אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר, צוקוקענדיג זיך נעהענטער צו דעם מענשען, בעשלאָסען איהם צו האַלטען אָן דער זייט און איהם אויסצושליסען פֿון דער צוקינפֿטיגער פאַרטיי. דאָס האָט מען געמאַכט ניט דערפֿאַר, ווייל וועמען עס איז האָט געקענט אַריינפֿאַללען אין קאָפּ דער אונמעגליכער געדאַנקען, אַז גאָלדענבערג קען ווערען אַ פֿעררעטער, נאָר דערפֿאַר, ווייל ער האָט צוליעב זיין בעשרענקטען שכל ניט געקענט פֿערשטעהען און אונטערהאַלטען די נייע ריכטונג. אויף אַזאַ אופן איז גאָלדענבערג געבליבען ביי די „נאַראָדאָוואָלצעס". אויף די קומענדיגע צייט ווי אַ נאָהענטער חבר, ווי אַ טעררערריסט, נאָר וועגען די ענינים פֿון דער פאַרטיי האָט ער שוין מעהר גאָר נישט געוואוסט *).

*) איך רעד וועגען דער פאַרטיי, אָבער וועגען די בעציהונגען פֿון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" צו גאָלדענבערג'ן ווייס איך ניט: איך ווייס מעהר נישט, אַז אויף די צוזאַמענפֿאָהרען אין פּעטערסבורג האָט מען אין נאָמען פֿון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אָנגעזאָגט די נאַראָדאָוואָלצעס, וועלכע האָבען דאָרט גענומען אַ'ן אַנטהייל, אַז

איך וועל זאָגען נאָך עטליכע ווערטער וועגען גאָלדענבערג׳ס
אַרויסגעבען. איך בלייב ביי דער מיינונג, אַז גאָלדענבערג איז איי-
גענטליך ניט געווען קיין פֿערדעטער. ערסטענס האָט ער אָהן אַ צווייפֿעל
פֿאַר קיין זאַך ניט מורא געהאַט, דער לעבען איז ביי איהם
געווען ניט זעהר טהייער, און פֿאַר הייגען האָט ער זיך ניט געקענט
דערשרעקען. צווייטענס האָט ער אַרויסגעגעבען אַללעמען און אַלץ —
אי זיך, אי זיין כלה, וועלכע ער האָט זעהר געליעבט, און פּערזענלי-
כע פֿריינד, וועלכע ער האָט זעהר פֿיעל צו פֿערדאַנקען, און וועגען
וועלכע ער האָט געקענט שווייגען אָהן שום שאָדען פֿאַר זיך, ווייל די
„נאַטשאַלסטוואָ" האָט גאָר פֿון זיי ניט געוואוסט, די פֿערדעטער טהוען
אַזוי ניט! די פֿערדעטער האָבען אַ׳ן אויסרעכענונג, ביי גאָלדענבערג׳ן
זעהט מען דאָס גאָר ניט. גאָלדענבערג׳ס האַלטונג ערקלעהרט זיך אַ סך
איינפֿאַכער. גאָלדענבערג האָט פֿריהער פֿאַר אַלץ געהאַט אַ קליינע
קאָפּף, און זיטצענדיג אין פֿעסטונג אין אַ׳ן איינזאַמע קאַמער איז ער
גאָר אַראָב פֿון זינען, מען זעהט דאָס דערפֿון, ווי ער האָט צוזאַמענ-
געמישט די מענשען און די פֿאַקטען, אויף וועלכע ער האָט אָנגעווי-
זען. צווייטענס האָט ער זיך געיאָגט נאָך כבוד. דער אונטערזוכונגס-
ריכטער (סלעדאָוואַטעל), וועלכער האָט געפֿיהרט זיין פּראָצעס, ווי עס
ווייזט אויס, אַ קלוגער מענש, האָט זיך זעהר גוט בענוטצט מיט די
שוואַכע זייטען פֿון דעם אַרעסטירטען. ער האָט מיט מיטגעפֿיהל אויס-
געהערט גאָלדענבערג׳ס פֿייערדיגע בעשולדיגונגען געגען די רעגירונג,
וואָס זי פֿערפֿאָלגט די אמת׳ע פֿריינד פֿון פֿאָלק, — כלומרשט, אַזוי ווי
גאָלדענבערג וואָלט איהם עפֿענען אַמעריקאַ. און, צום סוף, האָט ער
אָנגעהויבען אויפֿצואווייזען גאָלדענבערג׳ן, אַז די רעגירונג וואָלט אָהן
אַ ספק אומבייטען איהר סיסטעם, ווען זי וואָלט געוואוסט דעם ריכטי-
גען כאַראַקטער פֿון דער פּאַרטיי; עס איז קלאָר, אַז די דירעקטע פֿליכט
פֿון אַ׳ן עהרליכען מענשען איז — צו סטאַרען זיך, אַז די רעגירונג
זאָל איינזעהען דעם שרעקליכען טעות. גאָלדענבערג בעגייסטערט זיך.
איהם שטעללט זיך פֿאָר — אַ גרויסע זאַך און אַ גרויסער שם: ער
וועט מאַכען אַ פשרה צווישען דער רעגירונג און דער פּאַרטיי און וועט
עפֿענען פֿאַר איהר די מעגליכקייט פֿריי צו אַרבייטען צווישען דעם
פֿאָלק. דערצו דאַרף מען מעהר ניט איבערצייגען די רעגירונג, אַז דער
ריכטיגער וואונש פֿון דער פּאַרטיי — איז אַ פֿרידליכע קולטורנע אַר-

---

מען זאָל ניט איינלאַדען גאָלדענבערג׳ן, וועלכער איז דאַמאָלס דאָרטען
געווען, און איינינע בעקאַנטע האָבען זיך איבער דעם מיט איהם גאָר
ניט געזעהען.



בייט אין פֿאָלק און אַז אויף׳ן קאַמפּף רופֿען איהר מעהר ניט אַרויס
די אונטערדריקונגען פֿון דער רעגירונג. אָט צו דעם צוועק הויבט ער
אָן צו דערצעהלען וועגען פֿערשיעדענע טהוער, וועלכע זיינען איהם
געווען בעקאַנט: אָט אַזאַ און אַזאַ — צום בוישפּיעל — האָט אָנגע-
הויבען פֿון גאָר אַ פֿריעדליכע טהעטיגקייט, די רעגירונג האָט איהם
געשטערט, האָט איהם ניט געגעבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען,
האָט האָט איהם האַרט געמאַכט און ער איז בעגאַנגען אַזעלכע און
אַזעלכע מעשים. אויף אַזאַ אופן האָט ער איבערגעגעבען די ביאָגראַ-
פֿיען כמעט פֿון אַללע איהם בעקאַנטע מענשען. און כדי עס זאָל ניט
זיין קיין האָר ספק אין די ריכטיגקייט פֿון זיינע ווערטער, האָט ער
אַרויסגעליוגט זיין גאַנצע נשמה, אַלץ וואָס זיין קראַנקער מח האָט
נאָר געקענט זיך דערמאָנען, ניט שאַנעווענדיג קיין פֿריינד, קרובים און
זיך אַלליין, אמת, ער פלאָנטערט זעהר פֿיעל, אָבער ער טהוט דאָס
אָהן אַ שום צוועק און, ווי עס ווייזט אויס, ניט בערעכענדיג פֿריהער,
נאָר הערפֿאַר, ווייל די פֿאַקטען און די מענשען האָבען זיך צופלאָנ-
טערט אין זיין צומישטען קאָפּף..*)

אַ געוויסע צייט איז גאָלדענבערג געווען מלא שמחה, נאָר ווען
מען האָט שוין פֿון איהם אַלץ אַרויסגעפרעסט, האָט זיך די בעהאַנד-
לונג מיט איהם אומגעביטען. איצט האָט מען איהם שוין ניט געחנפֿ׳ט,
מען האָט שוין ניט גערעדט וועגען אַ פשרה מיט דער רעגירונג.
איינינע פערזאָנען פֿון דער פּראָקוראַטור האָבען זיך ערלויבט אפילו אונפֿאָר-
זיכטיגע רייד. שטאַרק צוטראָגען, וואָס דער פּראָקוראָר (שוין אַ׳ן אַנ-
דערער) מאַכט פֿון איהם חוזק, האָט גאָלדענבערג צו איהם געזאָגט:
„איהר זאָלט געדענקען, הערר פּראָקוראָר, אויב חאָטש אַ האָר וועט
אַראָבפֿאַללען פֿון די קעפּ פֿון מיינע חברים, וועל איך זיך דאָס ניט
מוחל זיין". — „איך ווייס ניט וואָס וועט זיין מיט די האָר, האָט גע-
ענטפֿערט דער פּראָקוראָר, אַ וויטצלינג, אָבער אַז פֿיעלע קעפּ וועלען פֿאַל-
לען, דאָס איז אמת". באַלד נאָך דעם האָט זיך גאָלדענבערג דערוואָרגען.

נאָר נאָמיר זיך אומקעהרען צום צוזאַמענפֿאָהר. זשעליאַבאָוו׳ס
ראָללע אויף איהם איז געווען זעהר אַ גרויסע. ער איז ניט מיד געוואָ-
רען צו בעטראַכטען אַללע פֿראַגען אין פּריוואַטע געשפּרעכען און אין

---

*) איך קען דערלאָזען, אַז ער האָט געגעבען פֿאַלשע בעווייזונ-
גען נאָר אין די זאַכען, פֿון וועלכע ער האָט גאָר ניט געוואוסט. דאָ
טראַכט ער גלאַט אויס, כדי זיך ניט מודה צו זיין, אַז ער ווייס גאָר
ניט, כדי ניט צו ווייזען, אַז ער, גאָלדענבערג, קען וואָס עס איז ניט
וויסען.

די אַלגעמיינע פֿערזאַמלונגען, ער האָט געזוכט בעקאַנט צו ווערען מיט מענשען, זיך צוזאַמענצורידען מיט זיי, ער האָט דורכגעפֿיהרט זיינע אייגענע אַנזיכטען א. ז. וו. וואָס אָנבעלאַנגט זיינע אַנזיכטען קען מען זיי אַזוי צוזאַמענפֿאַסען: די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט ניט, אַלס איהר אויפֿגאַבע, פּאָליטישע רעפֿאָרמען. דאָס דאַרף ליגען אין גאַנצען אויף די מענשען, וועלכע רופֿען זיך אָן ליבעראַלען. אָבער די מענשען האָבען ביי אונז קיין מאַכט ניט און, צוליעב וואָסערע ניט איז אורזאַכען, זיינען זיי אונפֿעהיג צו געבען רוססלאַנד פֿרייע איינריכטונגען און גאַראַנטירען די פּערזענליכע רעכטע. אָבער די איינריכטונגען זיינען אַזוי נויטיג, אַז אָהן זיי איז קיין טהעטיגקייט ניט מעגליך. דעריבער איז די רוססישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי געצוואונגען צו נעהמען אויף זיך די אויפֿגאַבע אַראָבצוואַרפֿען דעם דעספּאָטיזמוס און צו געבען רוססלאַנד די פּאָליטישע פֿאָרמען, ביי וועלכע מען וועט קענען פֿיהרען דעם „אידעינעם קאַמפּף". אָט צוליעב דעם דאַרפֿען מיר זיך אָבשטעללען אויף אַזאַ נאָהענטסטען ציעל, אַז ערסטענס, זאָל ער פֿעראייניגען אַללע עלעמענטען, וועלכע זיינען אויף ווי פֿיעל ניט איז פֿעהיג צו אַ'ן אַקטיווע פּאָליטישע טהעטיגקייט, און צווייטענס, אויב מיר וועלען איהם דערגרייכען, זאָל די פּאָליטישע פֿרייהייט בעקומען דורך דעם אַ פֿעסטען פֿונדאַמענט.

פֿאַר דעם פֿונדאַמענט האָט מען שפּעטער, ווי עס איז בעוואוסט, אַרויסגעשטעללט די „קאָנסטיטואירענדע פֿערזאַמלונג"*) און דעם פּרינציפּ פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

בעשליסענדיג אויף יע — האָטש אין זעהר אַ'ן אונבעשטימטער פֿאָרמע — דיזע פֿראַגע, איז דער צוזאַמענפֿאָהר איבערגעגאַנגען צו דער פֿראַגע, ווי די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי דאַרף זיך אָברופֿען אויף די אַטענטאַטען, צו וועלכע מען האָט זיך, נאָך דעם אַללגעמיינעם קלאַנג, געגרייט אַלס ראַכע פֿאַר דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען דעם 2-טען אַפּריל (1879)**). אין דעם הינזיכט זיינען זשעליאַבאָוו'ס מיינונגען געוועזען נאָך בעשטימטער. ער האָט בעוויזען, אַז אויב די פּאַרטיי האַלט האָטש ווי פֿיעל ניט איז פֿאַר איהר ציעל די גאַראַנטיע פֿון פּערזענליכע רעכטע און דעם דעספּאָטיזמוס האַלט זי פֿאַר שעדליך, אויב זי גלויבט, אַם ענדע, אַז נאָר דורך אַ דרייס-

*) אַזאַ פֿערזאַמלונג, וועלכע אַרבייט אויס די קאָנסטיטוציאָן פֿון לאַנד.

**) נאָכדעם ווי סאָלאָוויאָוו האָט געשאָסען אין אַלכסנדר דעם 2-טען.



טען קאַמפּף קען דאָס פֿאָלק דערגרייכען זיין בעפֿרייאונג, איז דאַן גאָר אונמעגליך צו בלייבען גלייכגילטיג צו אַזעלכע שרעקליכע פֿאַקטען פֿון דער טיראַניי, ווי טאָטלעבען'ס און טשערטקאָוו'ס רציחות, וועלכע זיי זיינען בעגאַנגען מיט דעם קייזער'ס וויסען. די פּאַרטיי דאַרף טהאָן אַליין, וואָס זי קען: אויב זי האָט קרעפֿטען אַרונטערצוואַרפֿען דעם דעספּאָט דורך אַ'ן אויפֿשטאַנד, דאַרף זי דאָס טהאָן, אויב ביי איהר קלעקט נאָר קרעפֿטען איהם פּערזענליך צו בעשטראָפֿען — דאַרף זי דאָס טהאָן, אויב ביי איהר וואָלט אויף דעם אויך קיין קרעפֿטען ניט געווען, איז זי מחויב האָטש אָפֿען הויך צו פּראָטעסטירען... אָבער קרעפֿטען וועלען געוויס קלעקען און זיי וועלען וואַקסען אַליין מעהר, וואָס ענטשלאָסענער מיר וועלען אַרויסטרעטען.

אין דעם זינען האָט געדעדט זשעליאַבאָוו און קיין גרויסע אָפּאָזיציאָן האָבען זיינע מיינונגען אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר ניט אַרויסגערופֿען. דיזע פֿראַגע איז געווען פֿאַר אַללעמען קלאָר בעשיינפֿערליך, און די דעבאַטען האָבען נאָר פֿאָרמולירט די געפֿיהלען, וועלכע האָבען זיך אין דער צייט אַליין מעהר אָנגעקליבען אויף'ן האַרצען ביי יעדען אָרענטליכען מענשען.

איך בין שוין אַזוי אויך געצוואונגען אַ סך צו רעדען ניט וועגען זשעליאַבאָוו'ן, נאָר וועגען זייטיגע אומשטענדען, און איך קען, פֿערשטעהט זיך, ניט בעשרייבען די ראָללע און די מיינונגען פֿון אַנדערע מיטגליעדער פֿון דעם צוזאַמענפֿאָהר. איך וועל נאָר בעמערקען, אַז אייניגע האָבען אָנגעוויזען אויף דעם טעררער, ווי אויף אַ קאַמפּפֿמיטטעל, און אפילו כמעט ווי אויף דעם איינציגען מיטטעל; אייניגע האָבען געשטעללט אַלס אַ'ן אויפֿגאַבע פֿון דער פּאַרטיי—דערגרייכען געוויסע רעכטע; אַנדערע — די פֿאָלקס-רעגירונג; די דריטע — אַז די פּאַרטיי גופא זאָל אַריינכאַפּען די רעגירונגסמאַכט אין איהרע הענד. נאָר, ווי מען זעהט האָבען זיך די אַללע מיינונגען אונטערשיידעט נאָר אין קלייניגקייטען.

די דריטע פֿראַגע, וועגען וועלכע מען האָט געדאַרפֿט רעדען, איז געווען די פֿראַגע וועגען דעם טיפּ פֿון דער אָרגאַניזאַציאָן. זשעליאַבאָוו איז אין יענער צייט ניט געווען אַ שאַרף אויסגעדריקטער צענטראַליסט, האָטש ער איז געשטאַנען דערפֿאַר, אַז עס איז נויטיג דיסציפּלין און אַז מען מוז אין אַ געוויסען גראַד זיין אונטערוואָרפֿען דער אָרגאַניזאַציאָן. און נאָר שפּעטער זיינען די אָרגאַניזאַציאָנע פּרינציפּען, וועלכע די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אַרויסגעשטעלט, געוואָרען זיין פֿעסטע איבערצייגונג. דעריבער איז זיין ראָללע אין דיזער פֿראַגע אויף דעם צוזאַמענפֿאָהר ניט געווען קיין גרויסע. אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די

בעוויזען פֿון איינִיגע מיטגליעדער האָט דער צוזאַמענפֿאָהר בעשלאָסען די פֿראַגע אין דעם זינען, אַז אין דער אָרגאַניזאַציאָן דאַרף מען איינפֿיהרען שטרענגע צענטראַליזאַציאָן, דיסציפּלין און קאָנספּיראַציאָן.

וואָס אַנבעלאַנגט די פּראַקטישע אויפֿגאַבען, וועל איך פֿערבייגעהענדיג בעמערקען, אַז אָרגאַניזירען די ראַכע געגען דעם טיראַן איז ניט אַריינגעגאַנגען אין דיזע אויפֿגאַבען. וועגען די מיטטלען, מיט וועלכע די פּאַרטיי האָט זיך געקענט בענוטצען אין אַזאַ פֿאַל, האָט מען געפֿיהרט פּריוואַטע געשפּרעכען, אָבער מעהר נישט. ווי אַזוי די זאַך צו אָרגאַניזירען, ווי אַזוי דאָס פּראַקטיש אויסצופֿיהרען, האָט דער צוזאַמענפֿאָהר בעשלאָסען, אַז מען דאַרף דאָס איבערגעבען דער קינפֿטיגער אָרגאַניזאַציאָן. אויסער דעם איז די פֿראַגע אָבהענגיג געוועזען פֿון דעם, ווי די רעגירונג וועט זיך האַלטען. בכלל איז די הויפּטזאַך פֿון צוזאַמענפֿאָהר געוועזען די פֿערברייטונג און די פֿערשטאַרקונג פֿון דער נייער פּאַרטיי און דעריבער האָבען זיי זיך געאיילט פֿערנאַנדערצופֿאָהרען. איניגע מיטגליעדער, אין דעם צאָהל אויך זשעליאַבאָוו, האָבען די „זעמלעוואָלצעס" איינגעלאַדען צו בלייבען אין ליפּעצק ביז דער צייט, ביז וואַן די מיטגליעדער פֿון וואָראָנעזשער צוזאַמענפֿאָהר וועלען זיי אַהין ניט אַרויסרופֿען (אויב דאָס וועט זיין מעגליך).

אין וואָראָנעזש האָבען זיך שוין אין דער צייט צוזאַמענגעקליבען אַ סך מענשען. די ליפּעצקער „זעמלעוואָלצעס" האָבען געלאָזט אויף זיך וואַרטען פֿיער טאָג, און אַנדערע פֿון די, וועלכע זיינען געקומען אין וואָראָנעזש, איז מיאוס געוואָרען צו וואַרטען און זיי זיינען צוריק אַוועקגעפֿאָהרען אין זייערע דערפֿער, ווייל זיי האָבען ריזיקירט צו פֿערלירען די שטעללען, וועלכע זיי האָבען דאָרט פֿערנומען. קומענדיג שוין אַם ענדע אין וואָראָנעזש, האָבען די „טערראָריסטען" אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר געשטעלט די ערסטע פֿראַגע וועגען צונעהמען נייע מיטגליעדער (הויפּטזעכליך פֿון די, וועלכע זיינען געוועזען אין ליפּעצק), וועלכע זיינען געוועזען נויטיג, כדי אויף'ן צוזאַמענפֿאָהר זאָלען זיין וואָס מעהר פֿערשיעדענע עלעמענטען. דער צוזאַמענפֿאָהר האָט אויף דעם איינגעשטימט, — איניגע האָט ער אָנגענומען, אין דעם צאָהל איז אויך געוועזען זשעליאַבאָוו, וועלכער איז אויף אַזאַ אופן געקומען אין וואָראָנעזש.

דער וואָראָנעזשער צוזאַמענפֿאָהר האָט אייגענטליך געהאַט זעהר אַ קליינע בעדייטונג נאָך זיינע רעזולטאַטען נאָך. דעם אמת מוז מען זאָגען, אַז דער גרעסטער טהייל האָט זיך געגעבען פֿיעל מיה זיך קלאָר צו מאַכען די אויפֿגאַבען פֿון זייער צייט. אָבער דער צוזאַמענפֿאָהר איז בעשטאַנען פֿון אַזעלכע עלעמענטען, אַז אין יעדען פֿאַל האָט מען



זיך געקענט אָבשטעללען נאָר אויף אַ קאָמפּראָמיס. דער גאַנצער דאָרפֿישער טהייל פֿון צוזאַמענפֿאָהר, וועלכער האָט געבילדעט די מעהרהייט, האָט ערסטענס נאָך מיט דער פֿריהערדיגער פֿעראַכטונג געקוקט אויף די פּאָליטיק, אַנדערע, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, זיינען גאָר ניט געוועזען קיין רעוואָליציאָנערען און האָבען דורכגעפֿיהרט דעם געדאַנקען, אַז די אויפֿגאַבע פֿון דער פּאַרטיי — איז זיך צו בעזעטצען אין פֿאָלק, זיך מיט איהם בעקאַנט צו מאַכען און דערנאָך צו פֿיהרען אין איהם אַ לאַנגזאַמע קולטורנע אַרבייט, אויפֿצוהויבען זיין גייסטיגע און מאָראַלישע ענטוויקלונג. מיט די מענשען האָט מען, פֿערשטעהט זיך, ניט געקענט דורכקומען, האָטש פֿאַר זיך זיינען זיי געוועזען גאַנץ וואווילע מענשען. זשעליאַבאָוו איז געוועזען שטאַרק אין כעס. „שעהן זעהען אויס אייערע „זעמלעוואָלצעס", האָט ער געזאָגט, און די מענשען בילדען זיך איין, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערען!" זשעליאַבאָוו, ווי איניגע אַנדערע האָבען זיך געהאַלטען ביי דער מיינונג, אַז מען מוז זיך מיט זיי פֿערנאַנדערגעהען און מען דאַרף דאָס ניט אָבלעגען. ער האָט אָפֿען, אין קיין זאַך ניט נאָכגעבענדיג, ענטוויקעלט פֿאַר דעם צוזאַמענפֿאָהר זיין סיסטעם, זיינע אַנזיכטען. ער האָט דערמיט אַרויסגערופֿען ניט קיין קליינע פֿערוואונדערונג. „ער איז דאָך אַ ריינער קאָנסטיטוציאָנאַליסט", האָבען געזאָגט די, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פֿאַר „אמת'ע" סאָציאַליסטען...

וואָס אַנבעלאַנגט דער קאָנסטיטוציאָן האָט זשעליאַבאָוו טאַקי זיך געהאַלטען ביי דער מיינונג, אַז זי וואָלט געוועזען זעהר ניטצליך, אַז זי וואָלט פֿערגרינגערט די מעגליכקייט צו פֿיהרען די אַרבייט, אויב ניט די „אָפֿיציעלע סאָציאַליסטען", איז די מענשען בכלל, און דאָס וואָלט געפֿיהרט דערצו, אַז אין פֿאָלק גופא וואָלטען זיך געפֿונען טהוער, וועלכע וואָלטען ניט ערגער פֿאַר אונז געקענט טרעפֿען די בעדערפֿניסע פֿון פֿאָלק און זיי פֿערווירקליכען. „איך קען — האָט געזאָגט זשעליאַבאָוו, — זעהר פֿיעל קלוגע ענערגישע בויערן, וועלכע האָבען אַ אינטערעס צום געזעלשאַפֿטליכען לעבען, אָבער זיי מישען זיך איצט ניט אין די קהל'שע אינטערעסען, ווייל קיין גרויסע געזעלשאַפֿטליכע טהעטיגקייט האָבען זיי ניט פֿאַר זיך, און ווערען מערטירער צוליעב קלייניגקייטען — ווילען זיי ניט: זיי זיינען אַרבייטזאַמע, געזונדע מענשען, זיי פֿערשטעהען דעם גאַנצען פּראַכט פֿון לעבען און ווילען ניט צוליעב פּוסטע זאַכען פֿערלירען אַלי'ן, וואָס זיי האָבען. די קאָנסטיטוציאָן וואָלט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען פֿאַר די קליינע זאַכען, ניט ווערענדיג קיין מערטירער, און זיי וואָלטען זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבייט. און דערנאָך, אויסאַרבייטענדיג זיך אַ גרויסען געזעל-

שאַפּטליכען אידעאַל, ניט אַ'ן אונדייטליכען, ווי איצטער, נאָר אַ קלאָרען אַ רעאַלען און, שטעלענדיג זיך אַ ג ר ו י ס ע אויפגאַבע, — וועלען די מענשען דערנאָך זיך שוין פאַר קיין זאַך ניט אָבשטעללען, זיי וועלען ווערען אַזעלכע העלדען, וועלכע מיר טרעפען צייטענווייז צווישען די סעקטאַנטען. די פּאָלקספּאַרטיי בילדעט זיך אַללע מאָל אויס אויף אַזאַ אופן".

דער גרעסטער טהייל פון צוזאַמענפאָהר האָט מורא געהאַט פאַר אַ שפּאַלטונג. איבערהויפּט האָט זיך דאָס שרעקליך אויסגעדוכט די יונגע „נאַראָדאָוואָלצעס" (ד. ה. די קינפּטיגע). דעריבער האָבען די חברים געזוכט צו איבערצייגען זשעליאַבאָוו'ן, ער זאָל ניט שטעלען די פראַגע אַזוי אָפען און שאַרף. ער האָט אויף דעם איינגעשטימט, אָבער ער האָט בכלל אויפגעהערט צו רעדען אויף די פערזאַמלונגען און האָט זיך אין גאַנצען פערנומען מיט פּריוואַטע געשפּרעכען, כדי צוצוציהען אויף זיין זייט איינציגע מענשען. איבערהויפּט האָט ער געוואָלט איבעררייִדען סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ, מיט וועלכער ער איז שוין אפילו געווען בעקאַנט, אָבער נאָך גאָר ניט נאָהענט. אָבער ס. פעראָווסקאַיאַ איז געשטאַנען אויף דאָס איהריגע, און ניט איין מאָל האָט זשעליאַבאָוו געזאָגט, קוועטשענדיג, ווי געוועהנליך, מיט די פּלייצעס: „ניין, מיט דער פרויענצימער קען מען גאָר נישט מאַכען".

דער צוזאַמענפאָהר האָט זיך געענדיגט מיט אַ קאָמפּראָמיס. עס איז געווען בעשלאָסען, אַז דאָס פּראָגראַם פון „זעמליאַ אי וואָליאַ" בלייבט אונפערענדערט, נאָר דעם אַקטיוועז קאַמפּף מיט דער רעגירונג דאַרף מען פערשטאַרקען, און אין פאַל, ווען מען וועט אָנווענדען טוידט-בעשטראָפונגען, דאַרף די פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ" נעהמען אַ'ן אַקטיוועז אַנטהייל אין די ראַכע געגען דעם טיראַן. וואָס אָנבעלאַנגט די טענדענצען פון דער צייטונג „זעמליאַ אי וואָליאַ" און פון דעם „ליסטאָק זעמלי אי וואָלי", וועלכע מען האָט בעשולדיגט, אַז זיי האָבען אומגעביטען דאָס פּראָגראַם (און נאָך מיין מיינונג איז די בעשולדיגונג געווען גאַנץ ריכטיג), האָט מען געפונען, אַז זיי זיינען איינשטימיג מיט די אַנזיכטען פון דער פּאַרטיי. די „בעזעטצונגען" אין די דערפער איז געווען בעשלאָסען צו לאָזען.

עס פערשטעהט זיך, אַז מיט די אַללע בעשליסונגען זיינען די נאָוואַטאָרען גאָר ניט געווען צופריעדען. איצט איז געווען ניט אַהין און ניט אַהער: אַ ענערגישע טהעטיגקייט אין וואָסערע ניט איז ריכטונג איז געוואָרען אונמעגליך. דער איינציגער נוטץ, וועלכען זיי האָבען בעקומען, זיינען געווען די מאַטעריעלע מיטלען, חאָטש ניט קיין גרויסע, וועלכע מען האָט געקענט פערווענדען אויף אַזאַ זאַך,



וואָס קען האָבען אַ קיום. אַללע האָבען דייטליך פערשטאַנען, אַז מען קען ניט אויסמיידען די צושפּאַלטונג, ווען די אומשטענדען וועלען זיך ניט אומבייטען. נאָר די נאָוואַטאָרען האָבען נאָך געהאַט אַ האָפנונג, אַז, ווען מען וועט לענגער רעדען וועגען דער פראַגע, ווען מען וועט זיך נעהענטער בעקענען מיט דעם צושטאַנד פון דער זאַך, וועט דער גרעסטער טהייל, אויב ניט אַללע פון די „קאָנסערוואַטאָרען", פון די וועלכע האָבען זיך נאָך געהאַלטען ביים אַלטען, איבערגעהען אויף זייער זייט *). פאַר די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָט די צושפּאַלטונג ניט געלאָהנט, ווייל זיי זיינען נאָך ניט געשטאַנען פעסט אויף די פיס, ווייל זייערע פערבינדונגען און מיטלען זיינען נאָך געהאַנגען אין דער לופטען.

גלייך נאָך דעם צוזאַמענפאָהר זיינען די „טעררעריסטען" זיך פערנאַנדערגעפאָהרען אין פעטערסבורג, אין אָדעס, האַרקאָוו, קיעוו, מאָסקווע, כדי זיך צו בענוטצען מיט די צייט און איבערציהען אומעטים די מענשען פון דער פּאַרטיי אויף זייער זייט. זשעליאַבאָוו איז, ווי אַללע מאָל, געווען זעהר טהעטיג. ער האָט בעזוכט אָדעס, כאַרקאָוו, קיעוו. דאָ האָט ער געהאַלטען זיינע בעריהמטע רעדען, וועלכע האָבען אַזוי ענטציקט גאָלדענבערג'ן. מיר וועלען דאָ בעמערקען, אַז זשעליאַבאָוו האָט טאַקי גוט גערעדט. זיין אַרט רעדען איז געווען ניט גאָר קיין אַנגענעהמע. עפּעס ווי אַ פּראָפעסאָר, ווי פון בוך האָט ער גערעדט. ער פלעגט אויסזאָגען יעדען וואָרט בעזונדער, דייטליך; ער פלעגט ניט דורכלאָזען קיין פּינטעלע און זעהען, אַז יעדער זילב, אַללע ענדונגען פון די ווערטער זאָל מען דייטליך הערען. אין פּריוואַטען געשפּרעך פלעגט זיין אַרט רעדען מאַכען אַ שלעכטען איינדרוק, אָבער פאַר אַ גרויסע פּובליקום איז דאָס געווען זעהר גוט. ווידער פלעגט דאָס אַליך פערשווינדען, ווען ער פלעגט נעהמען רעדען מיט היטץ. ער האָט געהאַט אַ גוטע, הילכענדע שטימע און געזונדע

---

*) פון די האָפנונגען האָט זיך ווייניג וואָס אויסגעלאָזען. איינינגע זיינען טאַקי צוגעשטאַנען צו דער נייער ריכטונג, אָבער בכלל האָט מען די צושפּאַלטונג ניט געקענט אויסמיידען. עס איז אויסגעקומען אַלליין צו טהאָן, אויסצואַרבייטען אַ'ן אייגענע פּראָגראַם. דורכצוקומען איז געוואָרען אונמעגליך. נאָך אַ סך דעבאַטען האָט דער לעטצטער פּעטערסבורגער צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ" בעשלאָסען די צושפּאַלטונג פון דעם צירקעל און פון דער פּאַרטיי.

זשעליאַבאָוו האָט ניט גענומען קיין אַנטהייל ניט אין די פערזאַמלונגען ניט אין דעם צוזאַמענפאָהר.

אונערמידליכע לונגען. אָהן אַ צווייפעל, ווען מען וואָלט גערדאַרפט,
וואָלט ער געקענט רעדען אַ גאַנצען טאָג כסדר. אַ געדאַנקען פלעגט
ער ענטוויקלען זעהר לאָגיש, וואָס צו ענטפערען דעם געגנער פלעגט
ער אַללע מאָל געפינען, ער פלעגט זיין אַמאָל זעהר גיפטיג און וויט-
ציג. די ערווידערונגען (געגענבעווייזע) פלעגען איהם ניט צוטומלען,
נאָר פערקעהרט, זיי פלעגען איהם נאָך העלפען, נאָך אויפרייצען זיין
געדאַנקען. אַ בעזאָנדערס שטאַרקען איינדרוק פלעגט זשעליאַבאָוו
מאַכען, ווען ער פלעגט זיך בעגייסטערען און רעדען אין אַ געפיהל-
פאָלען טאָן: וועגען די פפליכט צום פאָטערלאַנד, די ראַכע געגען דעם
טיראַן אָדער וועגען וואָס עס איז עהנליכעס. דאָ איז ער טאַקי פעהיג
געווען צו עלעקטריזירען די צוהערער און זיי פיהרען נאָך זיך, וואוהין
ער ווילל. מיט איין וואָרט, זשעליאַבאָוו איז געווען ניט קיין געוועהנ-
ליכער רעדנער. אַזאַ טאַלאַנט איז ביי אונזערע רוססישע בעדינגונגען,
פערשטעהט זיך, ניט דאָ וואו אָנצואווענדען. כדי צו רעדען פאַר אַ
צעהנדליג סטודענטען, אָדער פאַר אַ דוטצענד אַרבייטער דאַרף מען ניט
זיין ניט מיראַבאָ *) ניט גאַמבעטאַ **). זשעליאַבאָוו האָט ניט אַללע מאָל
געהאַט אַזאַ פובליקום, וועלכע קען בעגייסטערען דעם אָראַטאָר, אָבער
ווען דאָס פלעגט זיך יע טרעפען, פלעגט ער אַללע מאָל מאַכען אַ
גרויסען איינדרוק.

אין דער צייט ווען די נאַראָדניטשעסקע פאַרטיי האָט זיך געסטאַ-
רעט צו פאָרמולירען די אַלטע פרינציפען אויף אַ נייעם אופן, ווען,
נאָך דעם וואָראָנעזשער צוזאַמענפאָהר, האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע
רייהע פערזאַמלונגען אין פעטערסבורג און ווען די פאַרטיי האָט זיך אַם
ענדע צוטהיילט אויף צוויי פראַקציאָנען, — אין דער צייט האָט די רעגירונג
אָנגעהויבען אַ גאַנצע רייהע פון אונבאַרמהערציגע טוידט-בעשטראָפונגען,
און דער „איספאָלניטעלני קאָמיטעט“ האָט בעשלאָסען צו טויד-
טען אלכסנדר דעם 2-טען און האָט צו דעם צוועק אָרגאַניזירט אַ
גאַנצע רייהע אונטערנעהמונגען. איך וויים ניט ווען עס האָבען זיך
אָנגעהויבען זשעליאַבאָוו׳ס בעציהונגען מיט דעם „איספאָלניטעלני
קאָמיטעט“, און וואָס פאַר אַ ראָללע ער האָט דאָרטען אין אמת׳ן גע-
שפיעלט. נאָר אין דער געזעלשאַפט און אין זיין גאַנצע טהעטיגקייט
האָט ער פון הערבסט 1879 יאָהר פיגורירט אַלס אַ׳ן אָפיציעלער אַגענט

*) אַ בערי הםטער רעדנער אין דער צייט פון דער ערסטער פראַנ-
צויזישער רעוואָלוציאָן.

**) אַ בעריהםטער פראַנצויזישער רעדנער אין די 70-גער יאָהרען
פון 19-טען יאָהרהונדערט.



פון דעם „איספאָלניטעלני קאָמיטעט“. אין די אַטענטאַטען פון 1879
יאָהר האָט זשעליאַבאָוו געשפיעלט זעהר אַ וויכטיגע ראָללע, דאָס
האָבען געזעהן בעוויזען די פאָליטישע פראָצעסען. דער פלאַן פון דעם
אַטענטאַט אונטער אלעקסאַנדראָווסק איז געווען זעהר אַ דרייסטער,
די דרייסטקייט האָט געפאַסט פאַר זשעליאַבאָוו׳ן. ער האָט אַללע מאָל
אויף זיך זעהר געהאָפט, און פלעגט אַללע מאָל זעהען אויסצוקלייבען
העלפער, אויף וועלכע ער זאָל זיך קענען פערלאָזען. אין דעם הינזיכט
פלעגט ער זעהר זעלטען האָבען אַ טעות, ער פלעגט קענען צו זיך
צוציהען, און אפילו דער מענש, אויף וועלכען מען פלעגט זיך ניט שטאַרק
קענען פערלאָזען, פלעגט אין זיינע הענד ווערען אַ זיכערער מענש. ער
פלעגט קענען זיין אַ פיהרער, בלייבענדיג אַ חבר; די מיטאַרבייטער
פלעגט ער קיין מאָל ניט מאַכען פאַר איינפאַכע פיעשקעס, נאָר פער-
קעהרט, אויפוועקען זייער איניציאַטיווע, און פלעגט זיך רעכענען מיט
יעדען גוטען געדאַנקען. ער האָט געקענט בעפעהלען, אָבער אויך גע-
האָרכען. דעריבער פלעגט איהם קיין מאָל ניט זיין שווער צו געפינען
מענשען פאַר יעדער זאַך, וועלכע מען פלעגט איהם איבערגעבען.

דער פלאַן איז געווען אַ דרייסטער: די מינען האָט מען געלייגט
ביי די וועכטער אונטער די אויגען. מען האָט געאַרבייט כמעט אָפע-
נערהייט, מען האָט נאָר פערנאַנדערגעשטעללט מענשען צו היטען *).
אָבער דערפאַר האָט זיך געדוכט, אַז די זאַך וועט זיך געוויס איינגע-
בען, ווייל דער קלענסטער שטויס האָט גערדאַרפט אַראָבוואַרפען דעם
צוג אין אָבגרונד. עס האָט זיך ניט איינגעגעבען מעהר ניט צוליעב אַ
צופעליג-איבערגעשניטענעם דראָט, אָדער צוליעב דעם, וואָס דער מאַ-
טעריאַל, מיט וועלכען מען האָט גערדאַרפט אָנצינדען דעם דינאַמיט,
איז געווען אַ שלעכטער. יעדענפאַלס איז דאָס געווען זעהר אונ-
ערוואַרטעט.

די ראָללע פון אַ סוחר, אַ פאַבריקאַנט האָט זשעליאַבאָוו גע-

*) איין מאָל האָט דער מענש, וועלכען זשעליאַבאָוו האָט אַוועק-
געשטעללט צו היטען איינגעשלאָפען, ווען די אַנדערע האָבען געאַרבייט,
און זשעליאַבאָוו האָט איהם געפונען שלאָפענדיג. זיין כעס איז געווען
אָהן אַ גרענעץ. „אויף׳ן קריעג דערשיסט מען דערפאַר! נו, און וואָס
דאַרפען מיר מיט דיר טהאָן?“ האָט ער איהם מיט צאָרן פאָרגעוואָר-
פען. דער מענש איז אָבער געווען אַ אויסגעצייכענטער אַרבייטער און
זעהר אַ דרייסטער און זשעליאַבאָוו איז מיט איהם גיך גוט געוויאָ-
רען;

שפּיעלט אויסגעצייכענט *). ער האָט זיך, אגב, אַלליין פֿעראינטערעסירט מיט זיינע נייע מיטבירגער. זיינע נייע בעקאַנטע, וועלכע האָבען געשטאַמט פֿון די „זאַפּאָראָזשצעס", **) צווישען וועלכע ער האָט געטראָפֿען נעמען פֿון בעריהמטע קאַזאַצקע קריעג פֿיהרער, האָבען איהם פֿעראינטערעסירט. ער האָט זיך הערצליך מיט זיי בעפֿריינדעט, געטרונקען און געגעסען מיט זיי, טהוענדיג אין דער זעלבער צייט זיין זאַך. ער האָט זיך געוואונדערט דערנאָך, ווי אַזוי דער דינאַמיט האָט ניט אויפֿגעריסען איהם מיט זיינע חברים: זיי האָבען איבערגעפֿיהרט דעם דינאַמיט אויף אַ פּראָסטע פוהר, טרייסלענדיג זיך אויף אַ שלעכטע וועג און דערצו איז מען נאָך אויף איהם געזעסען און די פֿערד האָבען זיי געיאָגט מיט אַללע כוחות. „און אין די ביכער איז אָנגעשריבען אַז פֿון שאָקלען רייסט זיך דינאַמיט אויף", האָבען זיי דערנאָך געלאַכט.

נאָך דעם 19-טען נאָוועמבער ***) איז זשעליאַבאָוו געקומען אין פּעטערסבורג, און ער האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען מיט אַללע קרעפֿטען. די צייט איז געווען ניט קיין גוטע: אַ סך מענשען זיינען אומגעקומען, אַ סך מיטטלען און פֿערבינדונגען זיינען פֿערלאָרען געגאַנגען; גאָלדענבערג׳ס פֿערראַט האָט געצוואונגען אומצומאַכען אַ סך פלענער, בייטען אַ סך מענשען; אין דער אָרגאַניזאַציאָנער אַרבייט איז זשעליאַבאָוו אַרויסגעטרעטען אין נאָמען פֿון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", אַלס זיין אַגענט, און פֿאַר זעהר פֿיעל מענשען האָט ער געדיענט, אַלס אַ פֿערמיטטלער צווישען זיי אין דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". די געשעפֿטען, מיט וועלכע ער האָט זיך פֿערנומען אין דעם פֿערלויף פֿון די צוויי יאָהר זיינען געווען זעהר פֿערשיעדען. ער האָט צום ביישפּיעל, אַכטונג געגעבען אויף די ווערקשטאַטען, וואו מען פֿלעגט מאַכען דינאַמיט, חאָטש ער האָט קיין גרויסע ידיעה אין דעם ניט געהאַט, נאָר אין אַללגעמיין האָט ער ערלערענט ווי דאָס ווערט געמאַכט און ער האָט אַללע מאָל געקענט דאָ אונטערשיידען וואָס איז פּראַקטיש און וואָס אונפּראַקטיש, ער האָט געקענט אָבשאַטצען אַ

*) אונטער אלעקסאַנדראָווסק האָט זשעליאַבאָוו געקויפֿט אַ פּלאַטץ, אויף וועלכען מען האָט בלומרשט געדאַרפֿט בויען אַ זאַוואָד, און די אַרבייט, וועלכע מען האָט דאָרטען געפֿיהרט, איז אויך געווען בלומרשט צוליעב דעם זאַוואָד.

**) די קאָזאַקען אין דעם געגענד פֿון דעם טייך דניעפּר.

***) ווען מען האָט אויפֿגעריסען דעם אייזענבאַהן אונטער מאָסקווע.



נייעם געדאַנקען. אָפֿיציעל האָט ער אין די ווערקשטאַטען געשפּיעלט אַ ראָללע פֿון אַ ליפֿעראַנט, ד. ה. ער פֿלעגט צושטעללען אַלץ, וואָס עס איז נויטיג געווען צו דער אַרבייט. וויעדער האָט זשעליאַבאָוו אין פֿערשיעדענע צייטען פֿיגורירט ווי אַ׳ן אָרגאַניזאַטאָר אין אַללערליי שיכטען פֿון דער געזעלשאַפֿט, פֿון פֿאָלק און פֿון דער פּאַרטיי. פֿיעל זיך אָבשטעללען אויף דעם איז אונמעגליך. נאָר איך וועל זאָגען, אַז די ראָללע פֿון אַ׳ן אָרגאַניזאַטאָר — דאָס איז געווען, נאָך מיין מיינונג, די אמת׳ע ראָללע פֿון זשעליאַבאָוו׳ן ד. ה. זיין שטאַרקסטע ראָללע. ווי אַ מענש מיט אַ נאַטור פֿון אַ קעמפּפֿער האָט ער פֿאַר קיין זאַך ניט מורא געהאַט, ער האָט אַפילו אַמאָל האָלט געהאַט זיך צו שפּיעלען מיט דער געפֿאַהר, ער איז געווען קאַלטבלוטיג, ער האָט געקענט בעהערשען זיינע נערווען א. ז. וו. יעדענפֿאַלס אָבער, זיינען געווען ניט ווייניג מענשען, ניט ווייניג זיינען נאָך יעטצט דאָ *), וועלכע וואָלטען זיך קענען פֿערגלייכען און אפֿשר נאָך איבערשטייגען זשעליאַבאָוו׳ן, אַלס אַ טעררעאָריסט. אָבער איך צווייפֿעל, אויב מען קען שטעללען וועמען עס איז פֿון די מענשען, וועלכע זיינען מיר בעקאַנט העכער פֿאַר איהם אַלס אַ׳ן אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט געקענט נאָהענט ווערען מיט אַ מענשען, ער האָט פֿערשטאַנען ווען נאָכצוגעבען און ווען אַרויסצואווייזען אַ פֿעסטען כאַראַקטער, ער האָט פֿערשטאַנען אויף ווי פֿיעל מען קען פֿאָדערען פֿון אַ מענשען, ניט ברעכענדיג זיין נאַטור און ניט ריזיקירענדיג אַרויסצורופֿען ביי איהם אַ פּראָטעסט. אין יעדער זאַך האָט ער אויף אַנדערע געקענט ווירקען מיט זיין אייגענעם ביישפּיעל, אין אַלץ האָט ער געהאַט חאָטש אַ קליינע ידיעה, אַלץ האָט ער חאָטש אַביסעל געקענט טהאָן. ער האָט געקענט אָבשאַטצען דעם ווערטה פֿון אַ מענשען, און אין יעדער מאַססע געפֿינען די פּערזאָן, וועלכע האָט איהר בעלעבט. ער פֿלעגט אַם ענדע, קיין מאָל ניט פֿערלירען דעם מוטה און ביי קיינע אומשטענדען פֿלעגט ער ניט פֿערלירען דעם גלויבען אין דעם נצחון פֿון זיין זאַך און אין זיינע אייגענע קרעפֿטען.

זשעליאַבאָוו האָט געהאַט אַ גרויסע אייגענליעבע און ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט זיין אייגענעם ווערטה. דאָך מוז מען זאָגען, אַז די אייגענליעבע האָט איהם ניט געשטערט אין זיין טהעטיגקייט אַלס אַ׳ן אָרגאַניזאַטאָר, זי האָט זיך ביי איהם גרעסטענטהיילס אַרויסגעוויזען ניט אין גאוה, נאָר אין אַ׳ן אידעלע שטאָלצקייט, וועלכע דערלאָזט ניט אַז מען זאָל דעם

*) געשריבען אַ יאָהר 20 צוריק.

מענשען אַרויפֿטרעטען אויף׳ן פֿוס. די ערסטע מידה האָט זשעליאַבאָוו ניט געהאַלטען פֿאַר אַ שאַנדע און האָט אַללע מאָל געזאָגט, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַז קיין אָרענטליכער מענש דאַרף זיך ניט לאָזען קריכען אויף׳ן קאָפּף. אָבער די פּוסטע גאוה — דאָס איז געווען זשעליאַבאָווס אייביגער שונא, געגען וועלכען ער האָט געפֿיהרט אַ׳ן אונאויפֿהערליכען קאַמפּף, ווי די הייליגע געגען דעם טייבעל. און אין אמת׳ן איז זיין אייגענליעבע גאָר ניט געווען אַזוי גרויס, ווי איהם האָט זיך געדוכט. זעהענדיג, ווי זשעליאַבאָוו פֿלעגט זיך איינהאַלטען, צווינגענדיג זיך ניט צו בעמערקען אַ בעליידיגונג, זעהענדיג ווי ער פֿלעגט צוליעב אַ צווייטענס געדאַנקען אָדער פּלאַן זיך אָבזאָגען פֿון זיין אייגענעם, ווי ער פֿלעגט, אַם ענדע, זיך דערנעהנטערען און פֿון גאַנצען האַרצען גוט ווערען מיט מענשען, וועלכע זיינען געווען מיט איהם צוקריגט, אָבער וועלכע זיינען דערנאָך געוואָרען גוטע טהוער, מוז מען זאָגען אַז אַזאַ אַרט אייגענליעבע איז ניט געפֿעהרליך. איך רעכען אגב, אַז דער אינערליכער קאַמפּף האָט גיכער געמוזט ביי איהם בלייבען פֿון די יוגענדיאָהרען, ווען יעדער מענש זוכט אין זיך עפּעס אַ שטן רע. אין די לעטצטע צייט פֿון זיין לעבען איז זשעליאַבאָוו אַזוי געווען אַריינגעטהאָן אין זיין זאַך, ער איז געווען אַזוי קאַלטבלוטיג אפילו צו אמת׳ע בעליידיגונגען, אַז, איך האָף, ער האָט אַלליין אויפֿגעהערט צו קעמפּפֿען מיט זיך. בכלל איז דאָס געווען אַזאַ מענש, וועלכען מען האָט געמוזט האָלט קריגען, בעקענענדיג זיך מיט איהם נעהנטער.

אַ גוטער מענש, פֿעהיג אַריינצוגעהען אין דעם צווייטענס לאַגע, אַ צווייטען אַ סך מעהר מוחל צו זיין ווי זיך אַלליין, האָט ער ניט וויללענדיג אויפֿגעוועקט אַ סימפּאַטיע צו זיך. ניט אומזיסט האָט איהם ליעב געהאַט אַזאַ גרויסע צאָהל מענשען. פֿון דער נאַטור איז ער געווען זעהר אַ נערוועזער, עמפּפֿינדליכער, היטציגער מענש. ער פֿלעגט זיך צובינדען מיט ליידענשאַפֿט צו יעדער זאַך, פֿאַר וועלכע ער פֿלעגט זיך נעהמען. ער פֿלעגט זעלטען קענגען רעדען אָהן אַ נערוועזע אויפֿרעגונג און פֿלעגט אפילו ניט קענען זיטצען אויף אַ׳ן אָרט, ער פֿלעגט אַלץ לויפֿען און מאַכען מיט די הענד. אָבער אין די קאָכעדיגע נאַטור איז געווען אַ ניכטערער פֿערשטאַנד און אַ גרויסער וויללען. ער פֿלעגט זיך צ ו ו י נ ג ע ן שטרענג אַלץ צו איבערלעגען, און עס פֿלעגט זיין מאָדנע צו זעהען, ווי ער פֿלעגט מיט ליידענשאַפֿט, פֿיבערהאַפֿט זיך אָבשטעללען אין די ויכוחים אויף די בעוויזען און געבען זיין מיינונג, כדי קיין זאַך ניט דורכצולאָזען. דער רעזולטאַט פֿלעגט זיך בעקומען אַזאַ גרינדליכער, ווי ביי אַ מענשען, וועלכער בעטראַכט די פֿראַגע גאַנץ קאַלטבלוטיג. נאָר זשעליאַבאָוו פֿלעגט זיך ניט טרויען און אַללע



מאָל פֿלעגט ער מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט אויסהערען און בעטראַכטען יעדע פֿרעמדע מיינונג און פֿלעגט איהר אָהן ספקות אָננעהמען, ווען ער פֿלעגט איהר געפֿינען פֿאַר ריכטיג. אין דעם הינזיכט פֿלעגט ער ניט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען מענשען.

געאַרבייט האָט ער זעהר פֿיעל, ווייל מען האָט געדאַרפֿט אַרבייטען. ער האָט מאָנאַטען לאַנג ניט געהאַט קיין פֿרייע מינוט. אין די לעטצטע צייט האָט ער זיך שוין אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז ניט איין מאָל פֿלעגט ער פֿאַללען אין אָהנמאַכט, בעהאַלטענדיג זיין שוואַכקייט פֿון אַנדערע, ער האָט ניט געקענט שלאָפֿען, ווי ער פֿלעגט ניט זיין פֿערמאַטערט, גאַנצע נעכט פֿלעגט ער פֿערבריינגען האַלב שלאָפֿענדיג. איהם פֿלעגען זיך פֿאָרשטעללען פֿאַנטאַזיען, אַללערליי בילדער, ער פֿלעגט פֿיהרען געשפּרעכען און פֿלעגט זיך פֿאַר די נאַכט אַזוי פֿערמאַטערען, אַז די טאָגיגע אַרבייט פֿלעגט פֿאַר איהם זיין אַ׳ן אָברוה. מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז דאָס פֿלעגט פֿאָרקומען מיט אַזאַ געזונדען שטאַרקען מענשען, וועלכע זיינען דאָ ווייניג. די נאָהענטע פֿריינד האָט ער געזאָגט, אַז ער מוז זיך אָברוהען, אַנדערס וועט ער ניט אויסהאַלטען אפילו אַ האַלב יאָהר און ער האָט מיט אונגעדולד געוואַרט, ווען ער וועט ערפֿיללען זיין לעצטען חוב (איהם, ווי עס איז בעקאַנט, האָט מען איבערגעגעבען די אונטערנעהמונג פֿון 1 מערץ), און ער וועט אַוועקפֿאָהרען, וואו ניט איז אין אַ דאָרף זיך אָבצורוהען[1].

עס פֿערשטעהט זיך פֿון זיך, אַז קיינער פֿון די אָרגאַניזירטע האָט זיך אַ בעסערען מוסטער ניט געקענט פֿאָרשטעללען. אַללע האָבען זיך מיה געגעבען, אָנגעווענדעט אַללע זייערע קרעפֿטען, זעהענדיג פֿאַר זיך אַזאַ פֿיהרער, און אַרום זשעליאַבאָו׳ן זיינען פֿון זיך אַלליין אויסגעוואַקסען מענשען, וועלכע זיינען געווען גרייט אויף אַלץ. אַזעלכע מענשען זיינען ניט ווייניג אַרויס פֿון זיין שול, ניט ווייניג זיינען אויך פֿערלאָרען געגאַנגען. איך וועל אָנרופֿען דעם הויך-בעגאַבטען יונגען מענשען ה., וועלכער האָט זיך בוכשטעבליך פֿערמאָרעט פֿון אַרבייט (ער איז ניט לאַנג געשטאָרבען), איך וועל אָנרופֿען גרינעוויצקי׳ן[2],

---

[1] דאָס איז אַלץ גערעדט פֿון די לעצטע 3-2 מאָנאַט פֿון זיין לעבען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזאַ שטאַרקער אָרגאַניזמוס האָט זיך ניט גיך אונטערגעגעבען.

[2] דעם 1-טען מערץ 1881 יאָהר האָט ער מיט די באָמבע טויטליך פֿערוואונדעט אלכסנדר דעם 2-טען, אַלליין איז ער דערביי אויך פֿערוואונדעט געוואָרען און איז געשטאָרבען אין האָספּיטאַל.

מיכאַילאָוו (טימאָפֿעי) [1]; איך וואָלט געקענט אָנרופֿן נאָך אַ דוטצענד מענשען, פֿון וועלכע אַנדערע זיינען נאָך דיאָהרען נאָך עלטער פֿון זשעליאַבאָוו'ן.

אויף די אָרגאַניזאַציאָן פֿון די אַרבייטער און ספּעציעל אויף די טערראָריסטישע אַרבייטער חברות האָט זשעליאַבאָוו אָבגעגעבען זעהר פֿיעל קרעפֿטען. ער האָט געגרינדעט און טהיילווייז געפֿיהרט די „אַרבייטער צייטונג". געשריעבען האָט זשעליאַבאָוו שלעכט, ערצעהלונגען פֿלעגט ער איבערגעבען אויסגעצייכענט. ער האָט ניט געקענט בעהעררשען זיין געדאַנקען, וועלכער איז געלאָפֿען גיכער, ווי די פֿעדער. נאָר, אַז מען האָט געדאַרפֿט, האָט ער פֿונדעסטוועגען געקענט שרייבען און ער האָט געשריעבען. מיט דער אַרבייטער זאַך האָט ער זיך בעשעפֿטיגט זעהר אויפֿמערקזאַם. „איך, פֿלעגט ער זאָגען, בין געבאָרען געוואָרען אַ פֿאָלקספֿיהרער. מיין ריכטיגער אָרט איז אויף'ן גאַס, צווישען אַ גרויסע מאַססע אַרבייטער."

ניט קוקענדיג אויף דיזע מיינונג וועגען זיך, האָט זשעליאַבאָוו מיט דעם זעלבען ערפֿאָלג געאַרבייט צווישען דער יוגענד, אין פֿערשיעדענע שיכטען פֿון דער געזעלשאַפֿט. ער האָט אויך געהאַט צו פֿיהרען דיפּלאָמאַטישע געשעפֿטען. זיין אַנטהייל אין דעם 1-טען מערץ איז גענוג בעקאַנט, און עס איז ניטאָ וואָס וועגען דעם צו רעדען.

פֿון זשעליאַבאָוו'ס פּערזענליכען לעבען אין יענער צייט ווילען מיר דערמאָנען איין פֿאַקט. ער האָט זיך נאָהענט בעפֿריינדעט מיט סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ און כמעט אַ יאָהר צייט האָט ער געלעבט מיט איהר, ווי מיט אַ פֿרוי. זשעליאַבאָוו פֿלעגט איבערהויפּט געפֿעללען פֿרויען, און אין די אַלטע יאָהרען האָט ער געהאַט ניט ווייניג „ראָמאַנען". אָבער סאָפֿיאַ פּעראָווסקאַיאַ איז פֿאַר איהם געוועזען אין אמת'ן אַ „פֿרוי", ווי ער האָט דאָס פֿערשטאַנען, און איך האָב שוין געזאָגט, ווי ערנסט ער האָט געקוקט אויף די זאַך. ער האָט זעהר געשעטצט פּעראָווסקאַיאַ'ס כאַראַקטער און פֿערשטאַנד און אין דער אַרבייט האָט ער געקוקט אויף איהר, ווי אויף איינעם פֿון די בעסטע חברים. אין דער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבען זיך געפֿונען, איז אייגענטליך לעכערליך צו רעדען וועגען פֿאַמיליען-גליק. די שטענדיגע אונרוהע ניט וועגען זיך, נאָר וועגען אַ'ן אַנדערען, פֿערביטערט דעם לעבען, די געשעפֿטען און געשעפֿטלעך אָהן אַ סוף, אויף וועלכע עס קענען ניט שטייענען אין אַללגעמיין די מענשליכע קרעפֿטען, דערלאָזען ניט אַמאָל אפילו אַ וואָרט אויסצורעדען, בעזאָנדערס מיט אַ'ן אייגענעם מענשען, מיט וועלכען

[1]) אין דעם פּראָצעס פֿון 1-טען מערץ 1881 יאָהר האָט מען איהם פֿער'משפט צום טוידט און מען האָט איהם געהאַנגען.



מען „דאַרף" ניט רעדען (מיט אַ פֿרעמדען רעדט מען חאָטש, ווייל מען מוז, אָבער מיט אַ אייגענעם וועט אַזוי אויך זיין רעכט). ביי אַזעלכע בעדינגונגען קען אַ'ן ערנסטער געפֿיהל, אויסער צער, כמעט צו קיין זאַך ניט בריינגען. אָבער אַמאָל איז אויף זשעליאַבאָוו'ן מיט זיין פֿרוי געווען אַ פֿערגניגען צו קוקען אין אַזעלכע מינוטען, ווען די „געשעפֿטען" געהען גוט, ווען מען פֿערגעסט בעזאָנדערס גערן אַללע אונאַנגענעהמליכקייטען. בעזאָנדערס — זי: איהר געפֿיהל איז געווען אונענדליך טיעף, און נאָר אַזאַ נאַטור ווי ס. פּעראָווסקאַיאַ האָט געקענט בלייבען ביי איהר געפֿיהל, ניט פֿערלירענדיג די אַנדערע געפֿיהלען פֿון אַ בירגער.

חאָטש זשעליאַבאָוו איז געווען פֿערוואָרפֿען מיט אַרבייט, האָט ער פֿון דעסטוועגען האָלט געהאַט אַ מאָל פֿריילעך צו פֿערברייגגען די צייט. ער האָט איבערהויפּט פֿערשטאַנען דעם גאַנצען פּראַכט פֿון לעבען. דאָס איז געווען אַ פּאָעטישע נאַטור, וועלכע פֿלעגט זיך אָברופֿען אויף אַלץ, וואָס איז שעהן, וועלכע פֿלעגט זיך אין גאַנצען איבערגעבען דעם לעבען. איינמאָל, צום ביישפּיעל, איז ער געווען מיט אַ חבר אויף זעהר אַ וויכטיגע פֿערזאַמלונג, ווייט פֿון פּעטערסבורג. אָברעדענדיג עטליכע שעה, אַ פֿערמאַטערטער, אַ פֿערמוטשעטער, האָט זשעליאַבאָוו זיך אומגעקעהרט צוריק אין פּעטערסבורג שפּעט ביי נאַכט. אין דער פֿריה איז צו איהם געקומען זיין חבר, וועלכער האָט געקלערט צו געפֿינען זשעליאַבאָוו'ן שלאָפֿענדיג. ווי גרויס איז געווען זיין פֿערוואונדערונג, ווען ערהאָט געפֿונען זשעליאַבאָוו'ן פֿערטיפֿט אין לעזען „טאַראַס בולבאַ" [*]). לייגענדיג זיך אין בעט, ווי ער האָט דערצעהלט, האָט ער אונבעוואוסט אַראָבגענומען אַ בוך פֿון פּאָלעצקע און האָט זיך פֿערלייענט ביז טאָג. און דערנאָך, ווען מען האָט איהם אָבגעריסען פֿון בוך, האָט ער נאָך אַ שעה לאַנג ניט געקענט רעדען וועגען אַ'ן אַנדער זאַך, אויסער טאַראַס'ן... די נאַטור איז פֿאַר איהם געווען פֿול מיט צויבער און רייץ, און ער איז יעדע פֿרייע מינוט גרייט געווען זיך אַריבערצוכאַפּען וואו ניט איז אויף'ן נעוואַ, אויף'ן ברעג ים, אויף אַ ברייטען אונענדליכען פֿרייען פּלאַטץ. מוזיק האָט ער געליעבט ליידענשאַפֿטליך. ער האָט אויך האָלט געהאַט פֿרעהליך צו פֿערברייגגען די צייט אין אַ גוטער קאָמפּאַניע פֿון חברים. זעלטען פֿלעגען אויסקומען אַזעלכע פֿאַלען, נאָר ווען זיי פֿלעגען זיך שוין יע טרעפֿען — פֿלעגט זשעליאַבאָוו בעלעבען די גאַנצע געזעלשאַפֿט. ער האָט טאַקי געהאַט דאָס רעכט צו זאָגען: „בין איך פֿערנומען, בעהאַלט איך זיך פֿון פֿרעהליכקייט, קומט אויס זיך אָבער נאַריש צו מאַכען, מאַך איך זיך נאַריש".

[*]) אַ בוך פֿון דעם רוססישען פֿערפֿאַסער גאָגאָל.

זעלטען זיינען געווען אַזעלכע מינוטען, די טוידט-בעשטראָפֿונגען האָבען יעדערען געדריקט, ווי אַ שווערע לאַסט. אַזעלכע נאָהענטע, אָפֿט אַזעלכע טהייערע מענשען קומען אום איינע נאָך די אַנדערע, און אַללע פּראָבעס ראַכע צו נעהמען בלייבען יעדען מאָל אָהן אַ׳ן ערפֿאָלג. אַזוי ווי עפּעס אַ פֿערבאָרגענע האַנד וואָלט יעדען מאָל ראַטעווען דעם טיראַן פֿון טוידט. וואָס האָט מען שוין ניט אויסגעפּרובירט און אַלץ אומזיסט. דער געפֿיהל פֿון צאָרן, וועלכער האָט ניט קיין אויסוועג, דריקט אייך ווי אַ צעהנפּודיגע געוויכט, איהר הויבט אָן צו פֿערלירען דעם גלויבען אין גערעכטיגקייט, איהר פֿערלירט יעדען צובונד צום לעבען, אין וועלכען די אונגעזעטצליכקייט איז, ווי עס ווייזט אויס, געוואָרען אַ גרונד-געזעטץ. דאָס הולענען ליגט שוין ניט אין קאָפּף, ווען עס איז ניט ליעב צו קוקען אויף די ווייסע וועלט.

פֿון דעסטוועגען פֿלעגען זיך טרעפֿען מינוטען אָהן זאָרג און קומער. פֿאַר דעם גאַנצען יאָהר, וועלכער איז געווען פֿאַר דעם 1-טען מערץ, געדענק איך נאָר איין אָבענד, אין וועלכען מען האָט אָהן זאָרג פֿרעהליך צוגעבראַכט די צייט. דאָס איז געווען ערב ניי-יאָהר (1881). אין דער צייט איז שוין געווען בעוואוסט, אַז מען גרייט זיך צו אַ נייעם אַטענטאַט אויף אלכסנדר דעם 2-טען, און דעם מאָל האָט מען בעשלאָסען אָנצואווענדען אַללע קרעפֿטען. אויספֿיהרליך וועגען דעם האָבען געוואוסט נאָר איניגע אַנטהיילנעהמער, און מיר האָבען אפילו ניט געוואוסט ווער דיזע אַנטהיילנעהמער זיינען. נאָר דאָס בעדערפֿניס לייכטער צו מאַכען די האַרץ איז געווען אַזוי גרויס, אַז ניט וויללענדיג האָט מען געגלויבט, אַז דער אַטענטאַט וועט האָבען אַ׳ן ערפֿאָלג... איך ווייס ניט, ווער עס איז געווען דער איניציאַטאָר פֿון דעם אָבענד, נאָר ז̆שעליאַבאָוו איז דאָרטען געווען דער גאַנצער רעדעלפֿיהרער. די איינגעלאַדענע זיינען געקומען גאָטט ווייס וואו, אַ׳ן עק שטאָדט, דער וועטער איז געווען אַ שרעקליכער: אַ רעגען, אַ זאַווערוכע. נאָר דאָרטען אויף׳ן אָבענד איז געווען לוסטיג. „קאַמעראַדען, היינט איז אַ׳ן אָבענד אָהן אַרבייט", האָבען די, וואָס האָבען אויפֿגעזעהען אויף׳ן אָרדנונג, יעדערען פֿאָראויס מודיע געווען, און אין אמת׳ן, מען האָט ניט געלאָזען אַ פּיפּס טהאָן וועגען „געשעפֿטזאַכען". אין די ערסטע מינוטען איז געווען מאָדנע: „וועגען וואָס זאָל מען רעדען, וואָס זאָל מען טהאָן? אין די קעפּ איז אויסער „געשעפֿט" שוין אַזוי לאַנג קיין זאַך ניט געווען. נאָר באַלד איז אַלסדינג רעכט געוואָרען. די בעל-הבית׳טע האָט אָנגעגרייט אַללע גוטע זאַכען, די געסט האָבען אויך אָנגעבראַכט, ווער אַ פֿלעשעל וויין, ווער טאָרט, ווער נאָך וואָס עס איז. ז̆שעליאַבאָוו איז נאָך קיין מאָל ניט געווען אַזוי לעבעדיג ווי דעם



אָבענד. ער איז געווען פֿול אין אַללע צימערען, ער פֿלעגט אונטערהאַלטען דעם געשפּרעך, ער פֿלעגט ניט לאָזען קיינעם זיך פֿערטראַכטען, ער האָט ט אַקטירט, ער האָט אָנגעפֿיהרט טענץ, ליעדער, יעדערער האָט געמוזט אַרויסווייזען זיינע טאַלאַנטען...

דאָס איז געווען אַ׳ן אָבענד, וועלכען עס איז שווער צו פֿערגעסען. דאָ זיינען אגב געווען קיבאַלטשיטש, נ. סאַבלין, ז̆שעליאַבאָוו, ס. פּעראָווסקאַיאַ און נאָך אַ׳ן אַנדערטהאַלב׳ן צעהנדליג מענשען. אויף אַללעמען איז אָנגעפֿאַללען אַ מורא׳דיגע לוסטיגקייט. פֿיעלע האָבען געוואוסט אַז נאָך אַזאַ אָבענד וועט שוין ניט זיין אין לעבען. גאָטט, ווי האָבען מיר זיך נאַריש געמאַכט! נ. סאַבלין, אַ אויסגעצייכענטער ערצעהלער, האָט אונז פֿאַרמאַטערט פֿון געלעכטער מיט זיינע מעשות. מען האָט אָנגעהויבען צו זינגען. לאַנג האָבען שוין די רעוואָלוציאָנערען ניט געזונגען! האַרמאָניש האָט אַ הילך געטהאָן דאָס ליעד: „עס קלינגט דער טרומייט, ער רופֿט אונז, מיר געהען מיט פֿריידע אין קאַמפּף".

מען האָט אויך געזונגען ליעדער אָהן אַ טענדענץ. דערנאָך האָט מען גענומען טאַנצען, כלומרשט ווי אויף אַ׳ן „אמת׳ן" באַל. ז̆שעליאַבאָוו האָט פֿייערליך געעפֿענט דעם באַל און דערנאָך האָט ער ניט דורכגעלאָזען קיין דאַמע. די טענץ האָבען זיך אָנגעהויבען מיט אַ קאַדריל און אַ לאַנסיע און האָבען זיך געענדיגט מיט אַ מורא׳דיגע „קאַזאַטשקע". ז̆שעליאַבאָוו און סאַבלין האָבען ביידע זעלטען גוט געטאַנצט, און האָטש עס איז געווען ניי-יאָהר, האָטש ניין צעהנטעל פֿון פּעטערסבורג איז געווען אין דעם מאָמענט שיכור איבער שיכור, זיינען די אונטערסטע איינוואָהנער פֿון דעסטוועגען געקומען זעהען, וואָס ביי אונז טהוט זיך. דער אָבענד האָט זיך געענדיגט מיט אַ פֿרעהליכען אָבענד-ברויט מיט טאָסטען פֿאַר די רעוואָלוציאָן, פֿאַר דעם טוידט פֿון די טיראַנען, א. ז. וו. ער האָט זיך פֿערצויגען ביז העלען טאָג. מיט פֿיעלע, וועלכע זיינען דאָ געווען, האָב איך זיך שוין אויף אייביג געזעגענט...

קיינער איז אין אַזעלכע פֿאַלען ניט געווען אַזוי פֿרעהליך פֿון גאַנצען האַרצען, ווי ז̆שעליאַבאָוו. קוקענדיג אויף דעם מענשען אין אַזעלכע מינוטען, האָט מען געקענט מיינען, אַז ער האָט ניט קיין שווערען געדאַנקען, קיין שווערע זאָרג. און ער פֿלעגט זיך טאַקי אין אמת׳ן פֿערגעסען...

און אין דער זעלבער צייט האָבען זיך געדאַנקען שוואַרצע ווי די נאַכט געדרעהט אין קאָפּ, אָבער ניט זיי האָבען געקענט בייקומען דיזע מעכטיגע נאַטור. ז̆שעליאַבאָוו פֿלעגט זיי טרייבען פֿון זיך. ער

פֿלעגט קיינמאָל ניט ווערען אָבהענדיג. „עט, דאָס איז גאָרנישט, וואָס קען מען מאַכען! איצטער וועלען מיר פֿערריכטען" — אָט מיט אַזעלכע ווערטער פֿלעגט ער בעגעגענען יעדען קלאַפּ, יעדע ניט-געלונגענע זאַך. אפילו דאָס וואָס ער האָט געפֿיהלט, אַז זיינע קרעפֿטען ווערען אָבגעשוואַכט, האָט ניט אָבגעשראָקען זשעליאַבאָוו׳ן, האָט, צום וועניגסטענס, ניט אָבגענומען ביי איהם דעם מוטה. זיין גלויבען אין דעם זיעג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער זאַך איז געווען אונמעגליך צו צערשטערען. „דאָס איז גאָרנישט! מענשען וועלען זיך געפֿינען; אַז מיר וועלען פֿאַללען, וועלען אויף אונזער אָרט קומען אַנדערע", פֿלעגט ער שטענדיג זאָגען. אמת, דאָס פֿלעגט ער אָפֿט טהיילווייז זאָגען, כדי אויפֿצומונטערען די אַנדערע, אָבער אויפֿמונטערען קען אויך נאָר דער, וועלכער האָט אַלליין ניט פֿערלאָרען דעם מוטה און דעם גלויבען.

אַ הויכען ביישפּיעל האָט געגעבען און גיט דער מענש אַללעמען, ווער עס האָט איהם נאָר געקענט. איך בעדויערע טיעף, וואָס איך בין ניט אים שטאַנד צו שילדערען דיזע זעלטענע פערזאָן אַזוי ווי זי איז ווערטה, נאָר אפשר וועט דאָס, וואָס איך האָב דערצעהלט קענען דיענען אַמאָל אַלס אַ מאַטעריאַל פֿאָר אַ גרויסען קינסטלער, וועלכער וועט קענען אַרויסרופֿען פֿון די אייביגע פֿינסטערנים די געשטאַלט פֿון דעם מערטירער, אַז ער זאָל ווי אַ לעבעדיגער אויפֿשטעהען פֿאַר זיינע גייסטיגע נאָכפֿאָלגער; ער זאָל, אַזוי ווי דאַן, ווען ער האָט געלעבט, זיי אויפֿמונטערען, זיי רופֿען צו גרויסע טהאַטען, רעדען צו זיי מיט די פֿייערדיגע ווערטער:

„אָ, ווען איך וואָלט קענען אַריינגיסען אין אייך דעם פֿייער, וועלכער האָט אין אונז געברענט, אַז יעדערער פֿון אייך זאָל ווערען ניי בעלעבט און זאָל חאָטש איין מינוט אַזוי לעבען, ווי אונזערע אבות האָבען געלעבט יאָהרען לאַנג".

# די סטודענטעניאהרען

## פון אנדרעי איוואנאוויטש זשעליאבאוו

(ענדע 60-גער יאָהרען און אָנהויב 70-גער יאָהרען).

ווען מען דערמאָנט זיך איצטער, ווי פֿיעל קרעפֿטען אַנדרעי איוואַנאָוויטש האָט אַוועקגעלייגט אָהן שום אויסרעכנונג אויף אייגענטליך פּוסטע זאַכען, ווי סטודענטענקאַססען, סטודענטענקיך, ביבליאָטעק, סטודענטענגעריכט און ז. וו. — נעהמט פראָסט אָן אַ פֿערדרוס, פֿאַר וואָס עס האָט זיך גלייך ניט געפֿונען פֿאַר זשעליאַבאָוו׳ן אַזאַ טהעטיגקייט, אין וועלכער ער וואָלט קענען פֿריי אָנווענדען זיינע גרויסע קרעפֿטען. נאָר דאַן האָט מען אַנדערס געטראַכט, אויף אַלין געקוקט מיט אַנדערע אויגען. אַזוי האַסטיג, נערוועז און בעוועגליך איז אַנדרעי געווען ניט נאָר אין אונגעוועהנליכע פֿאַלען, נאָר אין די געוועהנליכסטע זאַכען. פֿלעגט ער זיך מיט דיר וויגען אין אַ גאָרטען ביי בעקאַנטע, יעמאָלט היט זיך! ער וועט שוין אַללע קרעפֿטען אַוועקלעגען אַזוי פֿערנאַנדערצואוויגען, אַז עס דוכט זיך, אַז אָט-אָט וועסט דו אַריבערפֿליהען איבער׳ן אַנדערען זייט שטאַנג, אָבער וועסט דו בעטען רחמים — וועט ער אויפֿהערען. פֿלעגט ער טאַנצען אויף אַ סטודענטישע הוליאַנקע, נעהמט אָן אַ מורא פֿאַר די דאַמע און פֿאַר די ניט-פֿלינקע פּאָר, וועלכע וואָלט זיך מיט איהם צוזאַמענשטויסען אויף׳ן וועג. זינגט ער, געוועהנליך אויפֿהייבענדיג די רעכטע פֿוס און האַנד, מיט אַנדערע געהויבענע זינגער זיינע קליינרוססישע ליעבלינגסליעדער, וואָלט מען פֿאָראויס געקענט זאָגען, אַז אויב אין טאַקט און אין טאָן וועט ער אָנמאַכען גרויסע פֿעהלערען, וועט ער אָבער אין חשק איבערשטייגען אַללעמען.

געשטיטצט מיט געלד האָט איהם אַ געוויסע פֿרוי א. אָבער דאָס געלד פֿלעגט זי איהם שיקען זעהר ניט פּינקטליך און צום סוף האָט זי אין גאַנצען אויפֿגעהערט צו שיקען, ווייל זי האָט זיך אָבגעזאָגט צו ערפֿיללען די צואה פֿון איהר מאַן; דעריבער האָט אַנדרעי איוואַנאָוויטש געליטען גרויסע נויטה. אַ קורצער שמאָלער רעקעל, געקויפֿט אויף׳ן „גריכישען מאַרק", מיט קורצע אַרבעל, וועלכער פֿלעגט זיך צוריסען אונטער די אָרעמס אין דריי טעג אַרום, ווי מען האָט איהם געקויפֿט, קורצע הויזען מיט אויסגעצויגענע קניע, אַ שטאַרק אָבגעקראָכענער מאַנטעל, אַ וואָילעקענע היטעל — דאָס איז געווען אַנדרעי׳ס

שטענדיגער קאָסטיום. געגעסען האָט ער אין די סטודענטענקיך אין
זיין מיטטאָג איז בעשטאַנען כמעט נאָר פֿון זופּ. קיין שטונדען האָט ער,
דאַכט זיך, יעמאָלסט גאָר ניט געהאַט. ער איז געווען זעהר עדעל מיט
אַנדערע, ער האָט אָהן אַ מאָס געטהאָן טובות און געפֿעליגקייטען די,
וועלכע האָבען זיך אין דעם גענויטיגט, יעדע מינוט איז ער געווען
גרייט זיך צו וואַרפֿען אין פֿייער און אין וואַסער פֿאַר אַ חבר און אַ
פֿריינד, ער פֿלעגט אפילו פֿערצייהען די קליינע שוואַכקייטען פֿון זיינע
בעקאַנטע, אָבער ער פֿלעגט זיך גלייך אומבייטען און אָנצינדען זיך פֿון
כעס, ווען ער פֿלעגט הערען אַ בעליידיגונג, אַ'ן אָבלאַכונג אָדער אַ
גראָבקייט פֿון אַ אונפֿערשעמטען עזות-פנים. וואו פֿלעגט זיך נעהמען
ביי איהם אַ גאַל, אַ שאַרף שטעכעדיגע איראָניע און שרעקליכע בע-
וועגונגען! ער איז בכלל געווען זעהר וויטציג, ווען מען פֿלעגט דאַר-
פֿען מאַכען אַ שפּאַס, אין דיזע פֿאַלען איז ער געווען זעהר גיפֿטיג, ניט
ווילענדיג פֿלעגט זיך אַרויסווייזען די האַרבע, ראָהע נאַטור פֿון אַ קאַ-
צאַפּ. ווען ביי איהם פֿלעגט זיך ערוועקען וואָסער עס איז פֿאַר אַ גע-
פֿיהל, צ. ב., — צאָרן אָדער סימפּאַטיע, פֿלעגט דאָס שוין ניט גיך
פֿערבייגעהען; בעזאָנדערס טיעף איז ביי איהם געווען דער געפֿיהל
פֿון פֿריינדשאַפֿט און דאַנקבאַרקייט, און נאָר אַ גאַנצע רייהע שווערע קלעפּ
וואָלטען געווען אים שטאַנד זיי צו צערשטערען.

ביז 1870 איז ער נאָך אפילו געווען איבערגעגעבען
צו די סטודענטענאינטערעסען, אָבער ער האָט שוין צום סוף אָנגעהויבען
צו בעמערקען, אַז דאָס איז זעהר אַ קליינע אַרבייט, און נאָך מעהר,
אַז דער גרעסטער טהייל סטודענטען האָט אין דעם קיין אַנטהייל ניט
גענומען און פֿלעגט זיך מיט די אַללע געשעפֿטען אינטערעסירען ניט
מעהר, ווי זייטיגע מענשען. און אַנדרעי האָט ווי אַ פֿיש דאַרף
וואַסער, געמוזט האָבען אַ שטאַרקע בעוועגונג, אַ קאָכעדיגען
קאַמפּף, אַ ברייטע טהעטיגקייט, אין וועלכער מען זאָל דאַרפֿען ריזיקי-
רען מיט דעם לעבען, וועלכע זאָל זיין פֿערבונדען מיט זעלבסט-אויפֿ-
אָפּפֿערונג. אַ מאַרודנע, קליינע, חאָטש אַ ניטצליכע אַרבייט פֿון אַ'ן
אַרבייטסזאַמע מוראַשקע איז ניט געווען פֿאַר זיין נאַטור; אַזאַ אַרבייט
וואָלט איהם אויסגעמוטשעט, ער וואָלט פֿערוועלקט געוואָרען פֿון איהר,
גיט איהם אַ ווענדקע אין די הענד און זעטצט איהם אויף אַ ברעג
טייך כאַפּען איין פֿישעלע נאָך די אַנדערע, זעטצט איהם אַוועק ביי אַ
איינבינדערשע אַרבייט אין אַ'ן אַרטעלנעם ווערקשטאַט, גיט איהם די
ראָללע פֿון אַ ניטצליכען לעהרער, וועלכער זעעט געדולדיג גוטע קערנער
אין די יונגע נשמות — ער וועט משגע ווערען פֿון אומעט, חאָטש
— וועט זיך אַוועקנעהמען דעם לעבען, וואָס ער האָט ניט קיין געדולד,



וואָס ער קען ניט אויסהאַלטען ביז'ן סוף; אָבער וואַרפֿט איהם אַריין
אין דעם גערודער פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף, שטעלט איהם
אַוועק ביי אַ געפֿעהרליכע אַרבייט, וועלכע איז פֿערבונדען מיט סכנות-
נפשות, אָבער ביי אַזאַ אַרבייט, ביי וועלכע מען זאָל קענען אונטער-
האַקען די פֿעדראָסטע, פֿערפֿוילטע זיילען, אויף וועלכע עס האַלט זיך
דאָס „הייליגע רוססלאַנד”, דאַן איז ער גליקליך, ער וועט, אַ מינוט
זיך ניט פֿערטראַכטענדיג, אַוועקלעגען זיין קאָפּ, נאָר די זאַך זאָל אויס-
געפֿיהרט ווערען. דאָס שטרעבען צו זעלבסט-אויפֿאָפּפֿערונג איז ביי
זשעליאַבאָוו'ן געווען אַזוי גרויס, אַז אין דעם הינזיכט האָט מען איהם
גאָרניט געדאַרפֿט אונטערטרייבען, פֿערקעהרט, מען האָט איהם נאָך
געדאַרפֿט מיט אַללע קרעפֿטען איינהאַלטען. ווען וועך ניט איז פֿלעגט
אַריבערפֿיהרען פֿון פּעטערסבורג אָדער אַרויסשיקען פֿון אויסלאַנד עפּעס
אַ געפֿעהרליכען טראַנספּאָרט, וועלכער, ווי מען האָט דאָס געוואוסט,
איז שוין געווען אויסגעפֿאָרשט, און די שפּיאָנעם היטען דאָס מיט אַללע
אויגען, פֿלעגען אַללע זיך אָבזאָגען דאָס צו געהען אָבנעהמען פֿון
באַהן אָדער פֿון דעם קאָנטראַבאַנדיסט, נאָר אַנדרעי פֿלעגט ריזיקירען
מיט זיך און זיין „גליקליכער שטערן”, ווי ער פֿלעגט זאָגען אין אַ גע-
לעכטער, פֿלעגט איהם פֿערהיטען פֿון געפֿאַהר און ער פֿלעגט צו-
שטעלען דעם טראַנספּאָרט אויף אַ'ן אָרט. אַז מען האָט פֿאָרגענומען
צו בעפֿרייען אַ'ן אַרעסטירטען פֿון געפֿענגניס, אַריבערצונעהמען אַ'ן
ענטלאָפֿענעם איבער'ן גרענעץ, אָדער אַ'ן אַנדערע געפֿעהרליכע זאַך, —
אַללע מאָל איז אַנדרעי געשטאַנען אויף'ן געפֿעהרליכסטען פונקט, אַללע
מאָל האָט ער אויף זיך גענומען די געפֿעהרליכסטע אַרבייט. אַ פּראָסטער
סאָלדאַט האָט ער קיין מאָל ניט געקענט ווערען, ווען ער וואָלט אפילו
געוואָללט, נאָך זיין נאַטור נאָך איז ער געווען אַ העלד, אַ'ן אָנפֿיהרער
דאָס, פֿערשטעהט זיך, קען מען ניט ערקלערען מיט דעם, וואָס ער האָט
זיך געיאָגט נאָך עהרע, אָדער בעסער געזאָגט, וואָס ער האָט האָלט
געהאַט צו שפּיעלען אין אַלץ די הויפּט-ראָללע—וועגען דעם קען קיין
רייד ניט זיין. מיר ווילען דאָ ניט אָבלייקענען, אַז ער האָט געהאַט
עהרענליעבע אין אַ געוויסען גראַד, מיר ווילען דאָ ניט אַרויסשטעלען
נאָר זיינע גוטע זייטען אַלליין, נאָר געבען אַ ריכטיגע כאַראַקטעריסטיק
פֿון איהם. ניט די אייגענליעבע האָט איהם געטריבען צו ווערען אַ'ן
אָנפֿיהרער, נאָך מעהר, ווייל ערגעץ טרעט מען ניט אַרויס אַזוי פֿיינדליך,
ווי צווישען די רוססישע סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען,—געגען מענשען,
וועלכע שטרעבען אפילו מיט רעכט צו אַ ראָללע פֿון אַ'ן אָנפֿיהרער.
דאָס וואָס עס האָט איהם געטריבען איז געווען — זיין העלדענמוטה,
וועלכער איז געווען ענג פֿערבונדען מיט זיינע מאָראַלישע אייגענשאַפֿ-

טען (מדות) און מיט זיין טעמפעראַמענט.

אין 1870 יאָהר האָט זיך אָנגעהויבען נעטשאַיעוו׳ס פראָצעס. די סאָציאַלע און פּאָליטישע איבערבויאונג פֿון רוסלאַנד; די נאָהענטקייט פֿון אַ פֿאָלקס-רעוואָלוציאָן; רעוואָלוציאָנע צירקלען פֿון די יוגענד, וועלכע האָבען מיט אַ געדיכטען נעץ בעדעקט גאַנץ רוסלאַנד און האָבען געאַרבייט פֿאַר די רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיך געדוכט אַזוי נאָהענט; לעבען און שטאַרבען פֿאַר דאָס פֿאָלק; די אוניווערזיטעטסיוגענד אין די פֿאָדערסטע רייהען פֿון דער בעוועגונג — אָט וואָס פֿאַר אַ מורא׳דיג גרויסע וועלט האָט זיך מיט איין מאָל געעפֿענט מיט דעם פראָצעס פֿאַר אַנדרעי׳ס אויגען, אין דער צייט, ווען איהם האָבען שוין דערעסען די קלייניצקע סטודענטענאינטערעסען און עסקים. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז פֿון דער מינוט אָן איז אַנדרעי מיט׳ן גאַנצען האַרצען צוגעשטאַנען צו דער רוסישער רעוואָלוציאָן. וואָס ביז איצטער איז מעהר נישט געווען ווי אַ אונבעוואוסטע שטרעבונג, אַ נייגונג, אַ׳ן אונדייטליכער געפֿיהל פֿון מענשענליעבע, דאָס האָט זיך מיט איין מאָל פֿערוואַנדעלט אין אַ שטאַרקע איבערצייגונג, אין אַ קלאָר בעוואוסטע פּפליכט ענטגעגען פֿאָלק און זיין אייגענעם געוויסען, אין אַ גאַנצע פראָגראַם פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער טהעטיגקייט, מיט דעם העוויז — לעבען און שטאַרבען פֿאַר די סאָציאַלע און פּאָליטישע בעפֿרייאונג פֿון רוסישען פֿאָלק. נעטשאַיעוו׳ס פראָצעס האָט ניט געמאַכט אַנדרעי׳ען פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנער, ער איז שוין פֿריהער דאָס געווען מיט אַללע זיינע סימפּאַטיען, מיט זיין גאַנצע נאַטור; נעטשאַיעוו׳ס פראָצעס האָט נאָר אָנגעוויזען דעם פּראַקטישען וועג פֿאַר די שטרעבונגען און קרעפֿטען, וועלכע האָבען שוין ביי איהם פֿריהער עקסיסטירט, און ער האָט געגעבען דעם רוישענדען שטראָם, וועלכער פֿלעגט זיך צוגיסען אין אַ סך טייכלעך, איין ריכטונג. האָט מען דען געדאַרפֿט איינוואורצלען און ערציהען דעם דעמאָקראַטיזמוס און די ליעבע צום פֿאָלק אין דעם בויערן-זון, וועלכער האָט אויף זיך אויסגעפּרובירט דעם שטעקען פֿון פּאַנשציזנע און די אונגערעכטיגקייט פֿון דעם פּריווילעגירטען שטאַנד (אַדעל) צו די בויערן, וועלכער איז געווען שטענדיג פֿערבונדען מיט דעם אייגענעם דאָרף און מיט זיין פֿאַמיליע, וועלכע האָט מיט שטאָלץ געקוקט אויף זיינע גלענצענדע פֿאָרטשריטען, האָט מען דען דאָס געדאַרפֿט, בעזאָנדערס אין אַזאַ צייט און אין אַזאַ געזעלשאַפֿט, וואו דער נאָמען — אַ „בויערשער זון" איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ הייליגען שיין? האָט מען דען געדאַרפֿט אין דעם עדעלען מוטהיגען מענשען, וועלכער פֿלעגט זיך אַזוי שטאַרק אָברופֿען אויף די שטיממע פֿון די בעליידיגטע און בעדריקטע, וועקען אַ סימפּאַטיע צו די ליידען פֿון דעם



רוסישען פֿאָלק? געוויס ניט! נאָר זאָגען איהם, אַז ער וועט ניט זיין אַלליין אין קאַמפּף, אַז ער וועט געפֿינען חברים, גוטע פּראַקטיקער און אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן, געבען אַ פּראַקטישען אויסוועג פֿאַר זיין ליעבע צום פֿאָלק, געבען דעם סיגנאַל צום קאַמפּף, — דאָס אַלץ האָט מען געמוזט טהאָן. און, נאָך אונזער מיינונג, האָט נעטשאַיעוו׳ס פראָצעס געהאַט אויף אַנדרעי׳ען אָט דיזע ווירקונג.

אין אָדעס איז אָבער יעמאָלט קיין שום רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָן ניט געווען; מען האָט ניט געקענט געפֿינען אפילו איינציגע מענשען, וועלכע זאָלען קענען אַריינטרעטען אין געוויסע פֿערבינדונגען מיט דער פּאַרטיי; עס איז מעהר ניט געבליבען, ווי אַלליין צו אָרגאַניזירען אַ פּאַרטיי נאָך דעם מוסטער פֿון נעטשאַיעוו׳ס אָרגאַניזאַציאָן. און אַנדרעי האָט זיך גענומען רערפֿאַר, ער האָט אָנגעהויבען צוזאַמענצושטעלען זיין אַרמעע פֿון זיינע בעקאַנטע נאָהענטע סטודענטען. אָבער די סטודענטען זיינען צוזייט און צושפּרייט געוואָרען — וועראַהין, ווער אַהער, זיי זיינען אָבהענדיג אַרומגעגאַנגען ליידיג, האָבען זיך בעגנוגענט מיט זייערע ליבעראַלע סימפּאַטיען, וועלכע האָבען אַ קליינעם ווערטה, און מיט דעם, וואָס זיי האָבען געזידעלט קאַטקאָוו׳ן, טאָלסטאָי׳ען און די „3-טע אָטדעלעניע". דאָס איז אָבער געווען צו וועניג. וואָס איז געבליבען צו טהאָן? אויפֿפֿיהרען די סטודענטען מיט אַ׳ן אַללגעמיינע זאַך, עלעקטריזירען זיי מיט איין אידעע, וועלכע זאָל קענען פֿערשטעהען און מיטפֿיהלען אפילו דער גרעסטער גלם, און אויף אַזאַ אופן אַרויסרופֿען אַ׳ן אָפּאָזיציאָנעם גייסט אין איהם אונטערהאַלטען דורך אַ גאַנצע רייהע פּראָטעסטען געגען יעדער אַרט „נאַטשאַלסטוואָ". געפֿינען און אויסבילדען מענשען פֿאַר די פּאַרטיי וואָלט שוין דערנאָך ניט געווען שווער. געלעגענהייטען צו אַזעלכע פּראָטעסטען האָבען ניט געפֿעהלט. דער פּראָפֿעסאָר באָגישיטש, וועלכער האָט געהאַלטען פֿאָרלעזונגען איבער די געזעטצגעבונג ביי די סלאַווישע פֿעלקער און וועלכער איז געווען בעוואוסט מיט זיין גאוה, עזות׳קייט און גראָבקייט, האָט בעליידיגט אין אודיטאָריע *) אַ סטודענט. אָנלערנען דעם עזות-פּנים האָט מען סיי ווי סיי געדאַרפֿט, מען איז געווען כמעט זיכער, אַז דער גרעסטער טהייל סטודענטען וועט נעהמען אין דעם אַ׳ן אַנטהייל, און דאָ האָבען זיך נאָך אונטערגערוקט די העכערע מאָטיווען, וועגען וועלכע מיר האָבען שוין גערעדט, און אַנדרעי האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר די געלעגענהייט. אין איין מאָמענט איז די געשיכטע געווען פֿאַרטיג. אויף׳ן אַנדערען טאָג, ווען באָגישיטש

*) דעד זאַל, וואו די פּראָפֿעסאָרען האַלטען זייערע פֿאָרלעזונגען.

איז אַריין אין אוידיטאָריע האָט אַ הילך געטהאָן אַ מורא'דיגע פּייפּעריי און, עס פֿערשטעהט זיך, אַז אויף'ן ערסטען אָרט איז געשטאַנען אַנדרעי אין האָט געפּייפֿט, ווי אַ פֿוהרמאַן. דעם זעלבען טאָג אָבענד איז פֿאָרגעקומען אַ שטורעמדיגע פֿערזאַמלונג, אויף וועלכער אַנדרעי איז געווען דער פֿאָרזיצענדער, און אויף'ן צווייטען טאָג איז די יוריסטישע אוידיטאָריע, וואו באָגישיטש האָט געדאַרפֿט לעזען, געווען פֿול מיט אויפֿגערעגטע סטודענטען פֿון אַללע פֿאַקולטעטען, און ווען דער וויצע-רעקטאָר, דער פּשרה-מאַכער, איז אַריין, האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ שרעקליכער געשריי: „נידער מיט באָגישיטש". אַז מיר דערמאָנען זיך אָן זשעליאַבאָוו'ס פּלאַן, וועגען וועלכען מיר האָבען נאָר וואָס גערעדט, מוזען מיר מודה זיין, אַז ער האָט זיך דאָ ניט זעהר קלוג געהאַלטען; ער האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען, ער איז געשפּרונגען אויף'ן קאַפֿעדראַ, ער האָט שיעור ניט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון דאָרטען דעם וויצע-רעקטאָר, ער האָט זיך אַריינגעלאָזען אין וכּוחים מיט די „נאַטשאַלסטוואָ", וועלכע פֿלעגט זיך בעווייזען אין אוידיטאָריע, ער האָט פּראָטעסטירט אין דעם נאָמען פֿון אַללע סטודענטען און בכלל האָט ער זיך אַזוי אויפֿגעפֿיהרט, אַז פֿאַר יעדען קינד איז געוואָרען קלאָר אַז דער אָנפֿיהרער פֿון דער געשיכטע — איז ער. די זעלבע ראָללע האָט ער געשפּילט אויף אַללע שפּעטערדיגע פֿערזאַמלונגען, וואו ער איז געווען אַ שטענדיגער פֿאָרזיצענדער; אַזוי האָט ער זיך אויך געהאַלטען נאָכדעם, ווי מען האָט פֿערמאַכט דעם אוניווערזיטעט אין אויף דעם אוניווערזיטעטסגעריכט, וואו ער האָט גערעדט, ווי אַ שטרענגער ריכטער, אָבער ניט ווי אַ'ן אָנגעקלאָגטער. די בעוואונדערונג און די סימפּאַטיע צו איהם איז געווען אַ'ן אַללגעמיינע, אפילו די ריכטער האָבען אָפֿען געלויבט זשעליאַבאָוו'ס עהרליכען אָפֿענעם כאַראַקטער, אָבער די הויפּט-זאַך איז שוין אייגענטליך געווען פֿערשפּילט. ער איז ניט געווען דער מענש, וועלכער קען שפּיעלען אַ צווייטיגע ראָללע, און ער האָט זיך צו שטאַרק געריסען צום קאַמף, אַז מען זאָל קענען איהם צו דער צייט אָבהאַלטען. אויף אַ יאָהר האָט מען איהם אויסגעשלאָסען פֿון אוניווערזיטעט, מען האָט איהם אַרויסגעשיקט אין קערטש. אַ גאַנצען יאָהר האָט ער דאָרט געשמאַכט, געליטען גרויסען נויט. אַז ער איז צוריק געקומען אין אָדעססאַ, האָט מען איהם ניט צוגענומען אין אוניווערזיטעט, האָטש מען האָט איהם צוגעזאָגט, און ער איז אויף אַזאַ אופֿן געוואָרען אַ לופֿט-מענש, אַ מענש אָהן אַ בעשטימטע בעשעפֿטיגונג, וועלכע מיר טרעפֿען אַזוי פֿיעל אין די לעטצטע צעהנדליג יאָהרען. אין דער צייט איז אַנדרעי בעקאַנט געוואָרען מיט די אַלטע קעמפּפֿער פֿון דער רעוואָלוציאָן, מיט דעם פּראָגראַם פֿון די פֿרידליכע פּראָפּאַגאַנדע



צווישען פֿאָלק, און ער איז אַריינגעטרעטען אין אָפֿיציעלע פֿערבינדונגען מיט דער פּאַרטיי. אָבער לעבען האָט מען דערווייל געראַפֿט, און קיין שטונדען האָט ער ניט געהאַט; אויסערדעם האָט איהם נאָך די פּאָליציי געהאַט צופֿיעל אין אויג, און ער איז נאָך געווען צו נאָהענט פֿערבונדען מיט זיין פֿערגאַנגענהייט, וועלכע האָט געמאַכט אַזאַ לאַרם, און ער האָט דעריבער דערווייל ניט געקענט נעהמען קיין אַקטיווען אַנטהייל אין די אונטערנעהמונגען פֿון דער פּאַרטיי, כדי די פּאָליציי זאָל אָן איהם אין גאַנצען פֿערגעסען, האָט ער אָנגענומען דעם פֿאָרשלאַג פֿון אַ כערסאָנער גוטסבעזיטצער יאַ. אָנציקומען צו איהם אַלס הויזלעהרער, און ער איז אַוועקגעפֿאָהרען אויף אַ יאָהר אין ה. די, וואָס קענען ניט אַנדרעי'ען, וועלען געוויס מיינען, אַז ער האָט זיך גלייך גענומען צו ענטוויקלען אין זיינע שילער דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט. ניין, ער האָט זיך, ווי אומעטום אין אַזעלכע פֿאַלען, געהאַלטען פֿאַר די מיינונג, אַז אויסער וויסענשאַפֿטליכע קענטניסע דאַרף מען אין די קינדער ענטוויקלען די גרונד-פּרינציפּען פֿון עהרליכקייט און מענשענליעבע, אונטער וועלכע עס וואָלט זיך גערן אונטערגעשריבען יעדער אָרענטליכער מענש בכלל; וועגען די ציעלען פֿון דער פּאַרטיי און איהרע עסקים פֿלעגט ער רעדען נאָר מיט ערוואַקסענע מענשען, וועלכע זיינען שוין פֿעהיג זיך צו בענוטצען מיט זייערע רעכטען. אַז אַנדרעי איז אין 1872 יאָהר געקומען אין אָדעסס, איז ער מיט'ן גאַנצען האַרצען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס ציעל, דאָס „געהען אין פֿאָלק". און, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען, איז ער געוואָרען איהר טהעטיגסטער מיטגליעד. עס וועט דאַכט זיך זיין אינטערעסאַנט צו ענטפֿערען דאָ אויף די פֿראַגע: האָט די פֿריעדליכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ אין פֿאָלק געקענט ווערען די הויפּט-זאַך פֿון אַנדרעי'ס לעבען און אין גאַנצען איהם בעפֿריעדיגען? ווען ער פֿלעגט זיך נעהמען פֿאַר אַ וועלכע עס איז זאַך, ווען ער פֿלעגט ערפֿיללען אַ וועלכע עס איז געפֿעהרליכע אַרבייט, ביי וועלכע מען האָט געדאַרפֿט אָנשטרענגען אַללע קרעפֿטען, ווען ער האָט דעבאַטירט אָדער איבערצייגט אַנדערע, האָט ער באמת געגלויבט, אַז אַ'ן אָרענטליכער און טהעטיגער פֿריינד פֿון פֿאָלק קען ניט האָבען קיין אַנדער ציעל און קיין אַנדער וועג, אויסער די פֿריעדליכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע, נאָר, אַז מיר בעטראַכטען זיין כאַראַקטער, וועלכען מיר האָבען איבען אַ ביסעל געשילדערט, און זיין שפּעטערדיגע טהעטיגקייט, מוזען מיר געבען אַ'ן אַנדער ענטפֿער. דאָס פּראָגראַם פֿון אַ פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבייט צווישען דעם פֿאָלק האָט איהם געקענט בעפֿריעדיגען נאָר מיט איין זאַך — דערמיט, וואָס זי האָט געזאָגט:

דיין איינציגער ציעל דאַרף זיין דער גליק פֿון דעם אונגליקליכען, אָרעמען פֿאָלק, וועלכער איז דיר אין צווייען נאָהנט; דערגרייכען דעם ציעל קען מען נאָר דורך דעם פֿאָלק, ווען מען וועט זיך מיט איהם צוזאַמענגיסען; דאָס איז אין דער זעלבער צייט דער בעסטער און זיכערסטער מיטטעל אונטערצוגראָבען די יעטצטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג, וועלכע איז שוין אַללעמען מיאוס געוואָרען. אַם ענדע זייט איהר ניט פֿיעל, אייניגע צעהנדליג, געגען אייך איז די גאַנצע וועלט—די נידערטרעכטיגע, די פֿאַלשע, די נאַרישע.

ווי גרויס וועט אָבער זיין דער טריאומף פֿון דער וואַהרהייט, אין וועלכע איהר גלויבט, ווען זי וועט בעזיעגען די אַלטע וועלט און ברייגען די הערשאַפֿט פֿון ברידערליכקייט, גלייכהייט און פֿרייהייט אויף דער ערד! פֿאַר וואָס דאָס פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּראָגראַם האָט געדאַרפֿט אין דעם הינזיכט געפֿעלען אַנדרעי'ען, דאַרפֿען מיר, דאַכט זיך, נאָך דעם, וואָס מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט, ניט ערקלערען. נאָר דיזעס פּראָגראַם האָט געהאַט נאָך אַ'ן אַנדער זייט, וועלכע האָט געמוזט אַרויסרופֿען ביי אַנדרעי'ען אַ'ן איננערליכען קאַמפף, אַ קאַמפף מיט זיך אַלליין; דער קאַמפף האָט זיך ביי איהם קיינמאָל ניט אויפֿגעהערט, און ער האָט איהם פֿערשאַפֿט שרעקליכע ליידען, וועלכע ער פֿלעגט בעהאַלטען אפילו פֿון זיך אַלליין... די פּראָפּאַגאַנדע האָט געפֿאָדערט, ווי עס האָט זיך אין דער פּראַקטיק אַרויסגעוויזען, אַ צו לאַנגע צייט; אויסער דעם האָט זי געפּאַסט פֿאַר אַ רוהיגע געדולדיגע פּערזאָן, וועלכע קלייבט צוזאַמען קאָפּעקעווייז אַ צענער, פֿון צענערס אַ רובל, און, אַז גאָטט גיט, אויך אַ גאַנצען הונדערט.

האָט דען אַזאַ נאַטור, ווי אַנדרעי'ס, ניט געמוזט אינסטינקטיוו פּראָטעסטירען געגען די פּראָפּאַגאַנדיסטישע טהעטיגקייט, ווי זי האָט זיך דאַמאָלסט געפֿיהרט? אומזיסט האָט ער זיך געצוואונגען צו וואָהנען אין שמוטציגע נאַסע דירות, אומזיסט האָט ער געלייענט און ערקלערט די אַרבייטער פֿערשיעדענע ביכלעך, אומזיסט האָט ער אָרגאַניזירט קליינע אַרבייטער-„קאָממונען" מיט קאַסעס, ביבליאָטעקען א. ז. וו., דאָס איז ניט געווען פֿאַר איהם קיין אַרבייט. נאָך לאַנגע בעשעפֿטיגונגען אין אַ'ן אַרבייטער „אַרטעל", ווען ער האָט שוין געקענט האָפֿען, אַז ער האָט ערצויגען עטליכע סאָציאַליסטען, איז איהם אויסגעקומען צו פֿרעגען איינעם פֿון די בעסטע: „נו, וואָס, ברודער, ווען דיר וואָלט ווער ניט איז איצט געבען 500 רובל, וואָס וואָלסט דו טהאָן?"—„איך? איך וואָלט אַוועק אין מיין דאָרף און דאָרטען געעפֿענט אַ קרעמעל"... אומזיסט איז ער געפֿאָהרען אין דאָרף און האָט פֿערלאָרען די קרעפֿטען, ריהרענדיג זיך אין אַ וועלכען ניט איז גאָרטען, און פֿערקויפֿט אונגערקעס אויף'ן מאַרק... אַ נוטץ איז, פֿערשטעהט זיך, געווען: עטליכע נייע אָנהענגער האָט מען טאַקי אָנגעקליבען... נאָר צו דענן האָט מען דאָס געזוכט און אויף דאָס געהאָפֿט?



ניין, די ריכטונג, וועלכע עס האָט אָנגענומען די רעוואָלוציאָנערע פּראַקציאָן, אין די רייהען פֿון וועלכער אַנדרעי איז געשטאָרבען, איז געווען פֿיעל מעהר צוגעפּאַסט צו זיין נאַטור: די גרויסע אונטערנעהמונגען פֿון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איהר שרעקליכער קאַמפף מיט דער רעגירונג, די קאָכעדיגע אַרבייט אין איהרע רייהען—דאָס אַלץ האָט אין אַ געוויסען גראַד בעפֿריעדיגט זיין רייכע, פֿייערדיגע און ענערגישע נאַטור. נאָר, איך רעכען, אַז אפילו די ריכטונג האָט אויך אין גאַנצען ניט געקענט בעפֿריעדיגען אַנדרעי'ען, ווייל זי האָט איהם דערווייטערט פֿון פֿאָלק...

---

## די רעדע, וועלכע זשעליאַבאָוו האָט געהאַלטען פֿאַר'ן געריכט אין דעם פּראָצעס פֿון 1-טען מערץ 1881.

---

הערען ריכטער! פֿאַר יעדען איבערצייגטען טהוער איז זיין זאַך איהם טייערער, ווי זיין אייגענער לעבען. אונזערע ציעלען, אונזער אַרבייט האָט מען אַרויסגעשטעלט מעהר קאַפּויער און פֿאַלש, ווי אונזערע פּערזענליכע אייגענשאַפֿטען. אויף אונז, אָנגעקלאָגטע, ליגט דער חוב אַרויסצושטעלען די ציעלען און מיטטלען פֿון אונזער פּאַרטיי אין דעם אמת'ן ליכט. אין דער בעשולדיגונגסרעדע האָט דער פּראָקוראָר [*]), נאָך מיין מיינונג, איבערגעגעבען דעם עיקר פֿון אונזערע ציעלען און מיטטלען גאָר ניט ריכטיג. איך וועל דאָס זעהען צו בעווייזען, בעציהענדיג זיך אויף די זעלבע דאָקומענטען און זאַכליכע בעווייזען, אויף וועלכע דער פּראָקוראָר האָט בעגרינדעט זיין בעשולדיגונגסרעדע.

דער פּראָקוראָר האָט אָנגענומען דאָס אַרבייטער פּראָגראַם אַלס אַ בעווייז, אַז מיר אַנערקענען ניט קיין רעגירונגסמאַכט, אַז מיר האָבען ניט קיין גאָט אין האַרצען א. ז. וו. איך זאָג, פֿערקעהרט, אַז טאַקי

---

[*]) מוראַוויאָוו, דער איצטיגער יוסטיץ מיניסטער.

דאָס אַרבייטערפּראָגראַם בעווייזט דייטליך, אַז מיר אַנערקענען יע אַ רעגירונגס־מאַכט, אַז מיר זיינען ניט קיין אַנאַרכיסטען. אַז מיר זיינען אַנאַרכיסטען — דאָס איז אַ'ן אַלטע בעשולדיגונג. מיר אַנערקענען, אַז אַ רעגירונג וועט אַללע מאָל זיין, אַז דער שטאַאַט מוז עקסיסטירען אויף ווי פיעל עס וועלען עקסיסטירען אַללגעמיינע אינטערעסען.

מיר זיינען ניט קיין אַנאַרכיסטען: מיר שטעהען פֿאַר דעם פּרינציפּ פֿון אַ פֿעדעראַטיווע מלוכה און מיר לייגען פֿאָר גאַנץ בעשטימטע איינריכטונגען, כדי צו דערגרייכען אַזאַ אָרדנונג. קען מען דענן אונז האַלטען פֿאַר אַנאַרכיסטען? ווייטער קריטיקירען מיר די עקסיסטירענדע עקאָנאָמישע אָרדנונג און בעהויפּטען... (דער פֿאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

...איך מוז זיך אָבשטעלען אויף די זאַכליכע בעווייזען, אויף וועלכע דער פּראָקוראָר האָט זיך דאָ בעצויגען, דאָס איז אויף פֿערשיעדענע בראָשיורען, צום ביישפּיעל, אויף מאַראַזאָוו'ס בראָשיור און אויף אַ ליטאָגראַפֿירטען מאַנוסקריפּט, וועלכען מען האָט ביי מיר געפֿונען. דער פּראָקוראָר בעציהט זיך אין זיין בעשולדיגונג אויף דיזע זאַכליכע בעווייזען. אויף וואָס פֿאַר אַ גרונד? ערסטענס, ווייל דאָס ליטאָגראַפֿירטע פּראָגראַם פֿון די סאָציאַליסטען-פֿעדעראַליסטען האָט מען געפֿונען ביי מיר. נאָר די אַללע זאַכליכע בעווייזען געפֿינען זיך איצטער ביי דעם פּראָקוראָר. האָב איך דענן דאָס רעכט צו זאָגען אַז די אידעען פֿון די בראָשיורען זיינען זיינע איבערצייגונגען, און דעריבער געפֿינען זיך די בראָשיורען ביי איהם? צו דענן קען דינען דער איין פֿאַקט, וואָס מען האָט געפֿונען ביי מיר דאָס ליטאָגראַפֿירטע פּראָגראַם, אַלס אַ בעווייז, אַז דאָס איז מיין אייגענע איבערצייגונג? צווייטענס, האָט איינער אַ מאַראַזאָוו אָנגעשריבען אַ בראָשיור. איך האָב איהר ניט געלעזען; דעם עיקר פֿון איהר ווייס איך; מיר, אַלס פּאַרטיי, זיינען ניט איינשטימיג מיט דער בראָשיורע און האָבען געבעטען די עמיגראַנטען, אַז זיי זאָלען זיך ניט אַריינלאָזען אין וכּוחים וועגען די אויפֿגאַבען פֿון דער רוססישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, כל זמן זיי זיינען אין אויסלאַנד, כל זמן זיי האָבען ניט קיין באָדען אונטער די פֿיס. אונז מאַכט מען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר מאַראַזאָוו'ס אַנזיכטען, וועלכע זיינען אַ אָבקלאַנג פֿון דער פֿריהערדיגער ריכטונג. דאַן האָבען איינינע מיטגליעדער פֿון דער פּאַרטיי, וועלכע זיינען געווען אונפֿעהיג ברייט צו בענעהמען אַ זאַך, ווי נאָלהענבערג צ. ב., טאַקי גערעכענט, אַז אונזער איינציגע אויפֿגאַבע בעשטעהט אין דעם — אָבצורייניגען דעם וועג דורך אָפּטע פּאָליטישע אַטענטאַטען. איצט פֿערנעהמען ביי אונז די איינצעלנע טערראָריסטישע פֿאַקטען מעהר ניט, ווי אַ געוויסען אָרט צווישען אַ גאַנצע



רייהע אַנדערע אויפֿגאַבען, וועלכע די ענטוויקלונג פֿון דעם רוססישען לעבען האָט פֿאַר אונז אַרויסגעשטעלט. איך האָב אויך דאָס רעכט צו זאָגען וועגען זיך אַז איך בין אַ'ן עכטער רוסס, ווי דער פּראָקוראָר האָט וועגען זיך געזאָגט... איך האָב גערעדט וועגען די ציעלען פֿון דער פּאַרטיי. איצט וועל איך רעדען וועגען די מיטטלען. אָבער איידער איך וועל צו דעם איבערגעהען, וואָלט איך וועלען געבען אַ קליינעם היסטאָרישען איבערזיכט, ווי דאָס האָט געטהאָן דער פּראָקוראָר. יעדע געזעלשאַפֿטליכע ערשיינונג מוז מען בעטראַכטען נאָך די אורזאַכען נאָך, פֿון וועלכע זי שטאַמט, און וואָס פֿערוויקעלטער און וויכטיגער די געזעלשאַפֿטליכע ערשיינונג איז, דאָס טיעפֿער דאַרף זיין דער בליק אויף די פֿערגאַנגענהייט, כדי צו פֿערשטעהען די פֿאָרם, אין וועלכער דער רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף פֿון דער פּאַרטיי דריקט זיך איצט אויס, מוזען מיר זיך ווענדען צו דער געשיכטע פֿון דער פּאַרטיי, און אַ געשיכטע האָט זי שוין; קורץ איז די געשיכטע, אָבער זעהר רייך מיט ערפֿאַהרונג. אויב איהר, הערען ריכטער, וועט דורכבלעטערען די פּאָליטישע פּראָצעסען, דעם ספר הזכרונות פֿון לעבען, וועט איהר זעהען, אַז די רוססישע פֿאָלקספֿריינד האָבען ניט אַללע מאָל געהאַט צו טהאָן מיט באָמבעס, מיר האָבען געהאַט אין אונזער טהעטיגקייט אַ ליכטיגע, אַ טרוימענדע יוגענד-צייט און אויב זי איז פֿערבייגעגאַנגען, איז דאָס ניט אונזער שולד. (דער פֿאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע)

...אויספּראָבירענדיג פֿערשיעדענע אופנים, ווי צו אַרבייטען פֿאַר די נוטצען פֿון פֿאָלק, האָבען מיר זיך אין אָנפֿאַנג פֿון די 70-גער יאָהרען אָבגעשטעלט אויף די פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליסטישע אידעען, אַלס אַ מיטטעל צו פֿערבעסערען דעם אַרבייטערס לאַגע. קיינע געוואַלט-מיטטלען האָט מען אין דער בעוועגונג ניט אָנגעווענדעט. און פֿונדעסטוועגען וואָס האָט זיך פֿון איהר אויסגעלאָזען? פֿערשיעדענע שטערונגען, ווי געפֿענגנים, פֿערשיקונג זיינען איהר געשטאַנען אויפֿ'ן וועג און זי איז אויף אַזאַ אופן אונטערגעגאַנגען. די בעוועגונג איז געווען געגען בלוט-פֿערגיסען, געגען געוואַלט, זי איז געווען אַ פֿריעדליכע, ניט קיין רעוואָלוציאָנערע, און פֿונדעסטוועגען האָט מען איהר דערשטיקט. איך האָב גענומען אַ'ן אַנטהייל אין דער זעלבער בעוועגונג און דאָס רעכענט מיר איין דער פּראָקוראָר פֿאַר אַ שולד. איך וויל ערקלערען דעם כאַראַקטער פֿון דער בעוועגונג, פֿאַר וועלכע איך דאַרף איצט אָבגעבען דין און חשבון. דאָס האָט אַ דירעקטע בעציהונג צו מיין פֿערטהיידיגונג. (דער פֿאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

איך ווילל זאָגען, אַז אין 1873, 1874 און 1875 יאָהרען בין איך נאָך ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער, אין דעם זינען, ווי דער פּראָקוראָר נעהמט דאָס אָן, ווייל מיין אויפגאַבע איז געווען צו אַרבייטען פֿאַר די נוטצען פֿון פֿאָלק, צו פּראָפּאַגאַנדירען די סאָציאַליסטישע אידעען. געוואָלט האָב איך אין יענער צייט ניט אַנערקענט, פֿון פּאָליטיק האָב איך וועניג געהאַלטען, מיינע חברים — נאָך וועניגער. אין 1874 יאָהר זיינען מיר, נאָך אונזערע פּאָליטישע אַנזיכטען נאָך, טאַקי געווען אַנאַרכיסטען. איך ווילל בעשטעטיגען דעם פּראָקוראָרס ווערטער, אין זיין רעדע איז אַ סך זאַכען ריכטיג. איינצעלנע פֿאַקטען, איינצעלנע מאָמענטען פֿון פֿערשיעדענע פּעריאָדען אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג האָט ער ריכטיג געשילדערט, אָבער דערנאָך האָט ער אַלץ מיט אַ מיין אַזוי צוזאַמענגעפּאַסט, אַז עס האָט זיך בעקומען מעהר נישט ווי אַ בלוטיגער בילד. (דער פֿאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

..מיין וואונש איז געווען צו אַרבייטען אויף אַ פֿריעדליכען אופן אין פֿאָלק, פֿונדעסטוועגען האָב איך דאָס געפֿענגניס ניט אויסגעמיידט, און דאָרט האָב איך זיך רעוואָלוציאָניזירט.

איך געה איבער צום צווייטען פּעריאָד פֿון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. דער פּעריאָד הייבט זיך אָן... נאָר, ווי עס ווייזט אויס, וועל איך זיך מוזען אָבזאָגען פֿון דעם געדאַנקען זיך פּרינציפּיעל צו פֿערטהיידיגען, און, מן הסתם, וועל איך דאַרפֿען בעטען דעם פֿאָרזיטצענדעם, אַז דעם פּראָקוראָרס רעדע זאָל מען גענוי אָבדרוקען. די רוססישע געזעלשאַפֿט און גאַנץ אייראָפּאַ וועט אויף אַזאַ אופן מיט איהר בעקאַנט ווערען און וועט קענען וועגען איהר אורטהיילען.

איצט וועל איך פּרואווען געהען ווייטער.

די קורצע צייט, וואָס מיר זיינען געווען אין פֿאָלק, האָט אונז דערוויזען, ווי ווייט אונזערע שטרעבונגען זיינען פֿון לעבען. ווידער האָט דאָס אונז איבערצייגט, אַז אין דעם פֿאָלקסבעוואוסטזיין זיינען דאָ אַזעלכע עלעמענטען, פֿאַר וועלכע מען דאַרף זיך האַלטען, אויף וועלכע מען קען זיך אָבשטעלען ביז אַ צייט. מיר האָבען געזעהען, אַז ביי די שטערונגען, וועלכע די רעגירונג האָט אונז געשטעלט אויפֿ'ן וועג, קען מען ניט אין גאַנצען דורכפֿיהרען די סאָציאַליסטישע אידעאַלען אין דעם בעוואוסטזיין פֿון פֿאָלק, און די סאָציאַליסטען זיינען אַריבערגעגאַנגען צו די נאַראָדניקעס... מיר האָבען בעשלאָסען צו אַרבייטען פֿאַר די אינטערעסען פֿון פֿאָלק, וועלכע ער פֿערשטעהט שוין, צו אַרבייטען ניט אין נאָמען פֿון דער ריינער טעאָריע, נאָר אויף דעם באָדען פֿון די אינטערעסען, וועלכע דאָס פֿאָלקסלעבען האָט אַרויסגערופֿען, וועלכע דאָס



פֿאָלק פֿערשטעהט שוין אַלליין. דאָס איז די הויפּטזאַך, וועלכע כאַראַקטעריזירט די „נאַראָדניטשעסטוואָ". פֿון פֿאַנטאַזירער זיינען די סאָציאַליסטען געוואָרען פּאָזיטיוויסטען, זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו רעכענען מיט דער ווירקליכקייט, מיט די פֿאָדערונגען פֿון לעבען—אָט מיט דעם פּאָזיטיוויזמוס צייכענט זיך אויס די „נאַראָדניטשעסטוואָ". נאָ מיר געהען ווייטער.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך אומגעביטען דער כאַראַקטער פֿון אונזער טהעטיגקייט, און אין דער זעלבער צייט אויך די קאַמפּפֿמיטטלען, — מען האָט געמוזט פֿון רעדען איבערגעהען צום טהאָן. אָנשטאָט די פּראָפּאַגאַנדע פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען טרעט אַרויס אויפֿ'ן ערסטען פּלאַן די אַגיטאַציאָן אין פֿאָלק אין נאָמען פֿון די אינטערעסען, וועלכע דאָס פֿאָלק פֿערשטעהט שוין. אָנשטאָט די פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדע האָבען מיר געהאַלטען פֿאַר נויטיג איבערצוגעהען צום פֿאַקטישען קאַמפּף. דעם קאַמפּף פֿיהרט מען אַללע מאָל נאָך די קרעפֿטען נאָך. פֿריהער פֿאַר אַלץ האָבען מיר בעשלאָסען צו קעמפּפֿען, בענוטצענדיג זיך מיט קליינע פֿאַקטען. אַזוי איז עס געגאַנגען ביז 1878 יאָהר. אין 1878 יאָהר האָט מען, אויף ווי פֿיעל איך ווייס, דעם ערסטען מאָל אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען אַ ראַדיקאַלערען קאַמפּף; מען האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען אַזאַ שריט, וועלכער זאָל מיט איין קלאַפּ אַרויספֿיהרען די פּאַרטיי פֿון דער פֿערוויקעלטער לאַגע, אין וועלכער זי האָט זיך דאַמאָלס געפֿונען, און וועגען אַזאַ טהאַט, וועלכע איז פֿאָרגעקומען דעם 1-טען מערץ 1881, האָט מען שוין אייגענטליך אָנגעהויבען צו טראַכטען אים ווינטער פֿון 1877-1878 יאָהרען. אין דעם הינזיכט איז דער 1878 יאָהר געווען אַ איבערגאַנגסיאָהר; דאָס זעהט מען פֿון די דאָקומענטען, צום ביישפּיעל, פֿון דער בראָשיור „טוידט פֿאַר טוידט". די פּאַרטיי האָט נאָך ניט קלאָר פֿערשטאַנען וואָס פֿאַר אַ בעדייטונג די פּאָליטישע אָרדנונג האָט אין לעבען פֿון רוססישען פֿאָלק, און האָטש אַללע בעדינגונגען האָבען איהר געטריבען צום קאַמפּף מיט דער פּאָליטישער סיסטעם... (דער פֿאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

אַלץ האָט געטריבען — אין דעם צאָהל אויך מיר — צום קאַמפּף מיט דער רעגירונגססיסטעם. פֿונדעסטוועגען בין איך נאָך זומער אין 1878 יאָהר געווען אין דאָרף און געאַרבייט אין פֿאָלק. ווינטער אין 1878-1879 יאָהרען האָט זיך די פּאַרטיי געפֿונען אין אַ פֿערצווייפֿעלטער לאַגע, און דעם פֿריהלינג פֿון 1879 יאָהר האָב איך פֿערבראַכט אין דרום-רוססלאַנד און בין געווען פֿערנומען מיט אַזעלכע אונטערנעהמונגען, וועלכע האָבען געהאַט דעם צוועק צו אָרגאַניזירען דעם קאַמפּף מיט דער רעגירונג. איך האָב געוואוסט, אַז אין אַנדערע ערטער זיינען

די חברים אויך פֿערנומען מיט דער זעלבער זאַך, בעזאָנדערס אין צפון; אַז אין צפון האָט די פֿראַגע אפילו אַרויסגערופֿען אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי „זעמליאַ אי וואָליאַ"; אַז אַ טהייל פֿון דיזער אָרגאַניזאַציאָן שטעלט זיך די זעלבע אויפֿגאַבען, ווי איך מיט אייניגע חברים פֿון דרום. עס איז דעריבער נאַטירליך, וואָס מען האָט זיך געהענטער פֿערבונדען און דערנאָך אויף׳ן ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר אין גאַנצען צוזאַמענגעגאָסען. דאַן האָבען די פֿאָרשטעהער פֿון די רעוואָלוציאָנערען פֿון צפון און אַ טהייל פֿאָרשטעהער פֿון דרום, וועלכע זייגען זיך צוזאַמענגעקומען אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר, בעשטימט די נייע ריכטונג. די בעשליסונגען פֿון ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר זיינען גאָר ניט אַזוי ענג, ווי מען האָט זיי דאָ אַרויסגעשטעלט אין דער בעשולדיגונגסרעדע. די הויפּט-פּונקטען פֿון דעם נייען פּראָגראַם זיינען די: די פּאָליטישע אָרדנונג... (דער פּאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

איך האָב אַ׳ן אַנטהייל גענומען אויף דעם ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר. אויף׳ן צוזאַמענפֿאָהר האָט מען בעשלאָסען אַ גאַנצע רייהע אונטערנעהמונגען, אין וועלכע איך האָב גענומען אַ׳ן אַנטהייל, און פֿאַר דעם אַנטהייל שטעה איך איצט פֿאַר׳ן געריכט. אויף ווי פֿיעל איך האָב גענומען אַ׳ן אַנטהייל אין די בעשליסונגען, האָב איך דאָס רעכט וועגען זיי צו רעדען. איך זאָג אַז מיר האָבען זיך געשטעלט ניט אַזאַ ענגע אויפֿגאַבע, ווי דער פּראָקוראָר האָט געזאָגט: אָרגאַניזירען אַטענטאַטען איינע נאָך די אַנדערע, ביז וואַנען איינער פֿון זיי וועט זיך איינגעבען. די אויפֿגאַבען, וועלכע מען האָט געשטעלט אויף׳ן ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר, זיינען גאָר ניט געווען אַזוי ענג. דער הויפּט-פּונקט איז בעשטאַנען אין דעם, אַז די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי — אין דעם צאָהל אויך איך, דאָס איז מיין איבערציייגונג — דאַרף אָבגעבען אַ טהייל קרעפֿטען אויף דעם פּאָליטישען קאַמפּף. מיר האָבען אויך אויסגעאַרבייט דעם פּראַקטישען וועג: מאַכען אַ פּאָליטישע איבערקעהרעניס דורך אַ פֿערשווערונג, און דערצו דאַרף מען אָרגאַניזירען די רעוואָלוציאָנערע קרעפֿטען אין ווייטעסטען זינען פֿון וואָרט. ביז יענער צייט האָב איך פּערזענליך ניט איינגעזעהען די נויטיגקייט פֿון אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן. איך האָב גערעכענט, ווי אַנדערע סאָציאַליסטען, אַז מען קען אַרבייטען, שטיטצענדיג זיך הויפּטזעכליך אויף די אייגענע איניציאַטיווע, אויף די אייגענע קרעפֿטען. דאָס איז לייכט צו פֿערשטעהען. די אויפֿגאַבע איז בעשטאַנען אין דעם — אויפֿצוקלערען דעם בעוואוסטזיין פֿון וואָס אַ גרעסערע צאָהל מענשען, צווישען וועלכע עס קומט אויס צו לעבען;



אַ מעהר אָדער וועניגער שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן האָט מען מעהר נישט געדאַרפֿט דערצו, כדי צו בעקומען אַזעלכע מיטטלען, ווי ביכלעך, זיי צוצושטעלען פֿון אויסלאַנד און זיי צו דרוקען אין רוסלאַנד. אַללע אַנדערע זאַכען האָבען ניט געפֿאָרדערט קיין בעזאָנדערס שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָן. נאָר אַז מען האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו מאַכען אַ פּאָליטישע איבערקעהרעניס, אַ אויפֿגאַבע, וועלכע האָט געפֿאָרדערט מורא׳דיג גרויסע אָרגאַניזירטע קרעפֿטען, האָבען מיר זיך — אין דעם צאָהל אויך איך — אַ סך מעהר פֿערנומען מיט דעם צו בעשאַפֿען אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, איידער מיט די אַטענטאַטען. געפֿינענדיג פֿאַר נויטיג אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, בין איך נאָך דעם ליפּעצקער צוזאַמענפֿאָהר צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי, אין וועלכער דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" איז געווען דער צענטער, און איך האָב מיטגעהאָלפֿען צו פֿערברייטערען דיזע אָרגאַניזאַציאָן; אין דעם זינען, ווי דאָס האָט פֿערשטאַנען דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", האָב איך געזוכט צו בעשאַפֿען איין צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל בעשטעהען פֿון אויטאָנאָמע גרופּפען, אָבער וועלכע זאָלען אַרבייטען נאָך איין פּלאַן נאָך פֿאַר דעם אַללגעמיינעם ציעל. איך וועל צוזאַמענפֿאַסען וואָס איך האָב געזאָגט. מיין פּערזענליכע אויפֿגאַבע, דער ציעל פֿון מיין לעבען איז געווען צו דיענען דעם אַללגעמיינעם גליק. אַ לאַנגע צייט האָב איך געאַרבייט פֿאַר דעם ציעל אויף אַ פֿריעדליכען אופן, און נאָר דערנאָך בין איך געווען געצוואונגען איבערצוגעהען צו געוואַלט. נאָך מיינע איבערציייגונגען נאָך וואָלט איך זיך אָבגעזאָגט פֿון געוואַלטזאַמע קאַמפּפֿסמיטטלען, ווען עס וואָלט נאָר מעגליך געווען אַ פֿריעדליכער קאַמפּף, ד. ה. אַ פֿריעדליכע פּראָפּאַגאַנדע פֿון די אידעען, אַ פֿריעדליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַנהענגער פֿון דיזע אידעען. צום לעטצטען, כדי מען זאָל מיר ניט פֿאַלש פֿערשטעהען, וואָלט איך נאָך אָט וואָס זאָגען: אַ פֿריעדליכער וועג איז מעגליך, איך וואָלט זיך, צ. ב., אָבגעזאָגט פֿון דער טערראָריסטישער טהעטיגקייט, ווען די אויסערליכע בעדינגונגען וואָלטען זיך אומגעביטען... (דער פּאָרזיטצענדער שלאָגט איבער די רעדע).

## זשעליאַבאָוו׳ס לעצטער וואָרט פֿאַר׳ן געריכט.

איך האָב מעהר נישט איין זאַך צו זאָגען: אויף די אונטערזוכונג פֿאַר׳ן געריכט האָב איך גערעדט זעהר וועניג, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז אַללע בעווייזונגען, וועלכע מען גיט דאָ, דיענען נאָר פֿאַר די ציעלען פֿון דער פּראָקוראַטור, און איצטער בעדויערע איך, וואָס איך האָב גערעדט דאָ פֿאַר׳ן געריכט. — ווייטער גאָרנישט.

# אויסגאבען

פֿון דעם אַללג. איד. אַרב.-בונד אין ליטא, פוילען און רוססלאַנד.

## ציימונגען*).

### צענטראַלע אָרגאַנען:

| | |
|---|---|
| די אַרבייטער שטיממע. | NoNo 27 |
| דער וועקקער — אָרגאַן פֿון בערשטער אַרב.-בונד אין פוילען און ליטא. | NoNo 11 |
| דער אידישער אַרבייטער. | NoNo 13 |

### אָרטיגע אָרגאַנען:

| | |
|---|---|
| וואַרשאַווער אַרבייטער — פֿון וואַרשאַווער קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 10 |
| דער ביאַליסטאָקער אַרבייטער } פֿון ביאַל. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 7 |
| פֿלוגבלעטעל צום ביאַל. אַרב. | NoNo 2 |
| מינסקער אַרבייטער } פֿון מינסק. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 4 |
| מינסקער פֿלוגבלעטעל | NoNo 5 |
| קלאַססען קאַמפף (מיט ביילאַגע) — פֿון ווילנ. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 6 |
| פֿרייהייטסגלאָק — פֿון לאָדזער קאָמ. פֿון בונד. | No 2 |
| מאַי-פֿלוג-בלאַטט פֿון לאָדזער קאָמ. פֿון בונד. | |
| גראָדנער פֿלוגבלעטעל — פֿון גראָד. קאָמ. פֿון בונד. | No 1 |
| קאַמפף (העקטאָג.) פֿון האָמלער קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 3 |
| דווינסקער פֿלוגבלעטעל — פֿון דווינסק. קאָמ. פֿון בונד. | NoNo 1-2 |

## בראָשיורען**).

### אויף אידיש:

| | פרייז אין סאַנטים. |
|---|---|
| דער סטרייק פֿון שקר. | — |
| דער צירקוליאַר פֿון מיניסטער דעס אינגערן. | — |
| אַ בראָשיורע צום ערסטען מאַי. | — |
| אַ חלום ערב יום-טוב דעם ערסטען מאַי. | — |
| מאַניפֿעסט פֿין רוססלענדער סאָצ.-דעמ. אַרב. פאַרטיי. | — |
| דער אידישער בערשטער אַרב.-בונד אין פוילען און ליטא. | — |
| די מערץ רעוואָליוציאָן אין דייטשלאַנד. | — |
| די מלחמה פֿון דער פ. פ. ס. געגען דעם אַללגעמיינעם אידישען אַרב.-בונד אין רוססלאַנד און פוילען. | — |
| דער IV צוזאַממענפֿאָהר פֿון אַלל. איד. אַרב.-ב. אין ל., פ. און רוס. | — |
| דער מאַניפֿעסט פֿון אלל. סצ.-דעמ. פֿעדעראַט. גאַרבערבונד. | — |
| הירש לעקערט און זיין פראָצעס. | — |
| דער שטאָדט-מגיד. | 30 |
| דער עיקר פֿון קאָנסטיטוציע פֿון לאַסאַל. | 20 |
| דער אַרבייטסטאָג — 3-טע פֿערבעסערטע אויסגאַבע. | 30 |
| ווי האָבען די בעלגישע אַרבייטער געשטריטען פֿאַר פרייהייט? | 30 |
| פֿאַר'ן זונאויפֿגאַנג. | 20 |
| אַ מעשה פֿון פֿיער ברידער. | 40 |
| ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס? | 20 |
| דאָס מאַניפֿעסט פֿון די קאָמוניסטישע פאַרטיי פֿון קאַרל מאַרקס און פֿריעדריך ענגעלס. | 60 |
| וואָס יעדער אַרבייטער דאַרף וויסען און געדיינקען. | 40 |
| וואָס וויללען די סאָציאַלדעמאָקראַטען אין רוססלאַנד? | 70 |
| די שכירות — 2-טע אויסגאַבע. | 40 |
| הגדה של פסח (על פי נוסח חדש). | 20 |
| די נייע עפאָכע אין דער אידישער אַרבייטערבעוועגונג. | 20 |
| אים קאַמפף. | 50 |
| פֿון וואָס איינער לעבט. | 40 |
| די געשיכטע פֿון די ענגלישע אַרבייטערבונדען. | 80 |
| די געשיכטע פֿן דער איד. אַרב.-בעוועגונג אין רוס. און פוילען. | 75 |
| פֿרייהייט (רעוואָליוציאָנערע ליעדער). | 50 |
| דער עיקר פֿון סאָציאַליזמוס. | 25 |
| „פאַריאַ" אונטער די פראָלעטאַריער } אין אַ פֿינסטערע נאַכט } אַבדרוק פֿון № 25 „אַר. שטימ." | 10 |
| דאָס איינגעהמען פֿון באַסטיליען. | 10 |
| די נאַציאָנאַלע פֿערזאַמלונג אין די נאַכט פֿון פֿיערטען אויגוסט. | 10 |
| די קאָנסום-גענאָססענשאַפֿטען פֿון ק. קאַוטסקי. | 20 |
| אַ הספד אויף אלכסנדר דעם צווייטען'ס קבר. | 50 |
| די אַרבייטערינען - און פֿרויענפֿראַגע אין דער געגענוואַרט פֿון קל. צעטקין. | 20 |

*) אַללע דרוקען זיך אין רוססלאַנד, אויסער דעם „אידישען אַרבייטער".

**) די ערסטע עלף בראָשיורען זיינען געדרוקט אין רוססלאַנד.

| | |
|---|---|
| דער סך הכל פון דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג. | 10 |
| ווי די כינעזער האָבען באָמבאַרדירט בלאַגאָוועשטשענסק. | 15 |
| סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ (ביאָגראַפיע). | 15 |
| דער רוס. וועבער פעטער אַלעקסעיעוו (ביאָגראַפיע). | 10 |
| אלכסנדר מיכאַילאָוו (ביאָגראַפיע). | 25 |

## אויף פויליש:

| | |
|---|---|
| אַ אויפרוף צו די אידישע אינטעליגענץ. | 20 |
| דער IV צוזאַממענפאָהר פון בונד. | 30 |
| דער No 25 „אַרבייטער שטיממע". | 75 |
| די געשיכטע פון דער איד. אַרב.-בעוועג. אין ליטא, פויל. און רוסס. | — |
| דער מאַניפעסט פון אַלל. סאָצ.-דעמ. פעדעראַט. גאַרבערבונד. | — |

## אויף רוסיש:

| | |
|---|---|
| אויפרוף צו די אידישע אינטעליגענץ (2 אויסגאַבען, 1-סטע געדרוקט אין רוסלאַנד). | 20 |
| דער IV צוזאַממענפאָהר פון בונד (2 אויסגאַבען, 1-סטע געדרוקט אין רוסס/אַנד). | 30 |
| שכירות (געדרוקט אין רוסלאַנד). | — |
| No·25 „אַרבייטער שטיממע". | 75 |
| „פאַריאַ" אונטער די פראָלעטאַריער / אין אַ פינסטערע נאַכט } אַבדרוק פון №25 „אַר. שטימ." | 15 |
| צו דער פראַגע וועגען די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און וועגען אומשטאַלטונג פון דער רוסל. סאָצ.-דעמ. אַרבייטערפאַרטיי אויף'ן גרונד פון פעדעראַציאָן. | 30 |
| דער מאַניפעסט פון אַלל. סאָצ.-דעמ. פעדעראַט. גאַרבערבונד (געדרוקט אין רוסלאַנד). | — |
| די לעטצטע נאַכריכטען—ערשיינ. יעדע וואָך. (אָהנע פאָסטאומקאָסט.) | 5 |